ווי וויל איך זיין א פייגעלע,
א פייגעלע א פיץ, ארויס, אריין
און אוועק פליען, פליען ווי א בליץ.
אונטער הימלען ווייסע, שיינע,
אונטער זון פון גאלד,
אז מיר יאגן זאל נישט קיינער
אך ווי געוואלט
איבער פעלדער, הייזער, דעכער
איבער אלע שאטענס.

---

איך זיץ אויף גליענד זאמד,
און דער מדבר איינזאם אליין.
פון אויבן פייערט, פלאמט,
ס׳בריען אזש די שטיינער.
און איך זיץ אין דער מיט
צווישן פייער און פייער,
און אויף יעדן שריט און טריט
האב איך דאן חלומות נייע.

---

## ייד, דער נייער ייד.

מיט דיין גארטל און דיין קאפל,
מיט דער לאנגער בארד
און מיט הארצנס תפלה צאפל.
און פון זעג און פון האמער
און פון דוד׳ס ליד,
אט דאס שמידן וועט צו זאמען
דער יינגער נייער ייד.
דרייזשע אן דאס ראד,
דיינע קאפיטלעך תהלים זינג,

מאשין וועט דיך באגלייטן,
און פון מעטאלן שטאלן קלינגגן,
דעם ניגון א דערפרייטן.

---

ס'איז קאלט. דער ים קאלט,
און גלייכגילטיק ער זיך פארהאלט,
צו דעם וואס טוט זיך איצט.
פון די כוואליעס ווייזט זיך א שפיץ
פון מיין זעגל, נו שנעלער, א רוף,
ווער ווארפט א שטריק, ווער ציט מיך ארויף?

---

איך שטיי איצט ביי א ברעג פון ים,
אונטער מיינע פיס פיל איך זאמד,
נאר כ'וויים נישט צו ארויף אויף ברעג,
צו פון ברעג, אין ים אריין.

---

ס'איז געקומען היינט צעלאכט,
די קליינע שווארצע באשקע:
ס'האט די מאמע מיר געמאכט,
א בלעכענע מענאשקע.
ס'איז די מענאשקע גרויס און ברייט,
פאר זופן גאנצע פיר,
איז די באשקע פול מיט פרייד,
אזש טאנצן גלוסט זיך איר.

---

טראפט א רעגענדל טראפט.
גייט דאס קינד ארום אן קאפ,
צו וואס טויג דער רעגן מיר,
וואסזשע קלאפט ער אזוי אין טיר?

דאס זענען פינגער, העלע, ווייסע
קלאפן אין טיר מיט א מעשה,
אז דאס ווייצל און דער קארן,
איז שוין פארטיי רייף געווארן,
אויף די קאסע ווארטן זאנגען
איי ווי ס׳וועלן קלינגען קלאנגען,
ס׳ווארט קארטאפל אויף לאפאטע,
מענטשן זאלן ווערן זאטע.

---

ס׳איז לבנה, מאמע טרייע,
מיט א האלב געלאשן פייער,
וואס מ׳האט דארט אונגעצינדן,
אין איר אייגל האלבן בלינדן,
קוקט לבנה אין דעם פענצטער,
ווי עס ליגט דאס קינד דאס שענסטע,
גלייכט זיך אויס די גלידער מאטע,
אן א מאמע, אן א טאטע.
קוקט לבנה ווי א היטער,
אז דאס קאלטע נאכט געוויטער,
זאל נישט קילן זאל נישט שאטן,
דעם יתום, אן א מאמע, טאטן.
גייט ארום, מיט טריט, מיט שטילע,
פליסטערט אזא מאמע תפלה,
אז היטן זאל ג-ט דאס קינד,
פון אלדאס בייזע, שלעכטע ווינטן.

---

ס׳ברענען שטערן אין אלע עקן
הימלען — העלע, ווייסע דעקן,
באהאלט — ביים קינד אין בעט
כדי אין חלום זען וועט,

אלעס גוטע אין זיין טעפל,
קארשן, בארן, זיסע עפל,
און צו אים ווער שמייכלט לאכט,
ווונטשט און קושט: א גוטע נאכט!

## כוואליעס.

ס׳זענען כוואליעס, כוואליעס קאלט.
לויפן, לויפן אן פארהאלט.
ווי די לאבוזעס די קליינע,
לויפן, לאכן ווען שיינע,
ווי לויפן זיי מיט שנעלע טריט?
און הימלען גאנצע לויפן מיט.
איילן לויפן וו די טעג.
זאגשע מיר ווו איז דער וועג.
אויב דו ווייסט נישט ווו זיי איילן,
קומזשע חבר כ׳וועל דיר זאגן,
כוואליעס הימלען לויפן צוזאם,
צום שלאפן לייגן זיך אין ים.

---

זייט נישט גרויס קוימענס מיט אייער שטאלצירן,
ווען נישט דאס רייכל פון קאמין, פון קיך,
וואלט איר אייער גאוה אויף שטענדיק פארלוירן.
פון מענטשן פון וועלט געוועזן וואלט דערנאך,
ווער וואלט געהאט דעם חשק דעם כח,
די מאשינען, די פאבריקן די מענטשנס טאפ?
ווען נישט פון דעם קיך דער באשיידענע רויך.
שלענגלען זיך רויכעס, פון ציגלנע קוימענס,
מאכן זיגזאגן צום הימל זיך רייסן,
אויף פליגל און ווינטן, פליען אין רוימען,
באשרייבן די לופט מיט אותיות ווייסע,

ווערן די אותיות געטראגן געטריבן,
די אותיות די ווייסע ווי ווערן געלייענט,
א בריוול אזא, ווער האט עס געשריבן,
די אותיות צום הימל זיי לויפן אליין,

שטרעקט קוימען אויס א גאוה׳דיקן האלדז,
ציגל אויף ציגל, הויך גאנצע מעטערס,
און דער רויך א פארטשאדעטער ברייזט שטאלץ,
קאלטנס זיך ארום, טונקלט דאס וועטער,
דער דאזיקער בריוו איז געשריבן מיט בלוט,
פון מענטשן פון יינגע ביי קעסל און דאמף.

מע דרייט, מע שלעפט, מע ארבעט, מע טוט
פאר דא זיין. ווי שווער, ווי הארב איז דער קאמף,
דער דאזיקער רויך איז קיינמאל פארפלויגן,
אייביק וועט עס מאכן אזוי היציק און הייס,
טראגן וועלן מענטשן דאס לעבן געבויגן
און צאפלען און טרייסלען, און ווישן דעם שווייס,
דער דאזיקער רויך ווען ער וועט פארשווינדן,
איז אדער א שטרייק, איז אדער א רו.
איידער ס׳קומט אן א שווערער מארגן א בלינדן,
שוויגן די מאשינען פאבריקען זיינען צו,
און די קוימענס האלטן די העלדזער גאר הויך,
מיר שאפן, מיר דערפינדן, מיר בויען,
ס׳ארבעטן דא הענט, עס ארבעט אויך מח.
פון צווייטוויזנט יאר ס׳ברענגט אזש צום שטוין,
ס׳פאכן דא לונגען, ס׳בויגן זיך רוקענס,
מאשינען זיי זינגען, רעדער זיי טאנצן.
הענט זיי הויבן, קניען זיך ביקן,
וואס ביסטו אזוי שטאלץ, דו קוימען, דו הויכער?
ס׳איז בריוו דיינע געשריבן מיט גאל.

און דער מענטש בענשט די מינוט וואס איז זוכה,

א געזונטער ארויס פון דיין שטאל,
גלייכן רוקנס ציען די פינגער,
ווישן די גלאנציקע נאסע אויגן,
ציילן דאס גראָע אין זייערע האר די יינגע.

---

קום מיין פריינט וועל איך דיר ווייזן,
א יידיש הויף מיט אייזן,
זוך און זוך וואס נאר אין זינען,
אויפן הויף וועסטו געפינען,
טיילן שרויפן פון מאשינען,
רייפן רינדיקע פון פעסער,
א שארף פון א שבת מעסער,
יא, איך זוך און האב געפינען,
בעכער, שלעסער כל׳ערליי מינים,
רעדער פון א קינדס א וויגל,
ראמען פון פרוי׳ס א שפיגל,
וואס די פרוי און דאס קינד,
געלאזט עס הפקר אויפן ווינט,
ווו געלאזט דעם מאן.....

---

## מיין יוגנט בילד.

הערעלעך בלאנד,
פאה׳לעך לאקן,
אויגן פארוואונדערט
אדער דערשראקן,
קאפאטעלע לאנג,
קאפעלושל שווארץ
און אייביגן באנג,
געטראגן אין הארץ.

## מיין זיידע.

כ׳האב א זיידן, א זיידעשי
איז גרויסער שטערן ווייס,
א בערדעלע א קאזעלע,
איז עס גרא און גרייז.
און אויפן שטערן שורות, שורות
וואס קנייטשן זיך כסדר,
ווייל פון תורה נאר פון תורה,
קלערט און טראכט דער זיידע.
און ווען זיינע גראע בליקן,
אויף מיין פנים כ׳שפיר,
איז אויף שטערן ווייטע שורות,
ער קנייטשט זיי איצט פאר מיר.

הערה; אלטר שנור היה יתום מאם וחונך אצל אביו זקנו אהב והעריץ אותו.

## מאמע.

וויפל כ׳זאל נישט קנייטשן מיין שטערן,
איר פנים, איך קאן נישט געדענקן,
אה! ג—ט׳עניו פינוואנען אזוי פיל טרערן,
פונוואנען צו איר אזא בענקן?
און אין שעה׳ן ווען כ׳פאל אזוי צוזאמן,
א צעבראכענע שארבן בין איך,
וויל איך צו עמעצן רופען ״מאמע״!
און פון וועמען דערהערן: ״מיין קינד״!
און ווען פאר אויגן רעדעלט זיך שווארצן,
(צוק איך) זוך איך מאמע שויס,
פון רו און טרייסט,
זאל מאמע מיך דריקן צום הארץ,
און קושן, און קושן גאר הייס.



מראה כללי של בייטש — מצד הנהר „רופה״

# סאלאמאנס-בארג

ס׳וזענען גרעזער אויף דיין חויקער,
פאר מיר געווען ווייכסטער דיוואן,
אויף וועמען געלייגט כ׳האב מיך,
אויף וועמען געקלעטערט געשפאנט,
און פון דיינע שטאקן הויך,
געזינגען אדער געפיפן,
געווען שטארק בשמחה,
שיעור בגילופין,
ס׳דרייט זיך מיר היינט נאך דער קאפ,
ווי געקוקט כ׳וואלט אין דיין הויך,
אויף די לאנדשאפט שיינע,
אויף ראפעס *) באקן בלייך,
אויף טורעמלעך שפיציקע,
די שיבן פון דעם נאפט,
היי מיין דעמלטן שוואכקייט,
ווי גיט עס מיר היינט פאר א קראפט.

*) ראפע א טייך וואס פליסט דורך דעם שטעטל בייטש.

## מיין ערשטער שיר.

א שענק א פולע, מיט פויערטעס, פויערים
קלאפן גלעזל צו גלעזל, „לחיים״.
א געשטאנק, א שארפן, א זויערן
א בלאטע פון ברעכן און שפייען
וואדקא! קאניאק ליקער
און מאלאגאס פארזיגלטער וויין
פירטל ליטער, א האלבע און מער
עס שליאכן אין העלדזער אריין.
פון פאפיראסן די לופט איז פארויכערט
פון פארגאסענעם וויין א גליטש
אויף די ערד א שיכורער, בלייכער
ער לאכט און ער ווײנט מיט קוויטש
שטייט ישראלע אונטער דעם בופעט
ער גיסט דעם ליקער אין א גלאז
אין מיטן פון ווילדן געשפעט
אין סאמע פון הוללות אן מאס
ער היט אויך די זעמל, די פרעצל
אונטער א שענקל פון גלאז
ער ווישט פון בראנפן דאס טעצל
וואס סרח׳ט פון פרעמדע הנאה׳ס
זאפט ער אין זיך כל׳ערליי ריחות
חלילה ער ווערט נישט פארשיכורט
ס׳איז ווייטער דאס פנים א בלייכעס
אכילה, ביי אים נישט קיין עיקר.
אט האבן זיך שכורים צוזונגען
געמאכט זיך א ראד מען טאנצט
היידא, היידאנא, איר יונגע
פון פיס און פון האנט אזא קראנץ
ס׳ כארכלט פון העלדזער א ניגון

עס וואקלען זיך פיס ווי די קעפ
א הייב גיט זיך, דער וואס געליגן
אין ראד אריין זיך פארשלעפט
וואס זינגען זיי און פאר וועמען
א הימן דעם בראנפן דעם שארפן
לאזט ישראלקע אראב די ברעמען
זינגען, ווי וואלט ער באדארפן
און צו וועמען פעלט אים דען פעלט
א הימן צו ג־ט א שבח א לויב
ווי פויגל זינגט מיט דעם טרעל
ווי ס' שירה'ט דער מינדעסטע שטויב
פון אויגן פארשוואונדן דער ארזם
די אלע, די פויערים שכורים
וואס פארגלייזט אויגן ווי פרום
און פאלן אזוי ווי די „כורעים"
ס' איז דער ארום שוין נישטא
די פויערים דאס קוויטשן, דער יריד
ס' איז איצט א הייליקע שעה
עס שפינט און עס פלעכט זיך א ליד
אן עמוד איז נאך דער בופעט
א סדור — איז איצט דאס פאפיר
עס שטייט דא א חזן, א פאעט
אן' א פינטל אין אויג אן א ריר.
ווער מיר בראנפן, וואס מיר געלט
פארפלויגן ווייט ער איז אוועק
און ווער ווייסט דען. וואס פארא וועלט
ער טינטלט, ער שרייבט, און ער מעקט
ווי ס' צעפטער, די פעדער, אין האנט
א פעדער, א ווייסע פון גאנדז
פארטראכט איז מח, געשפאנט
און אויגן, צוויי ליכטער, צעגלאנצט

א גדולה א פרייד ביי די קונים
ער זעט דאך און הערט דאך גארנישט
נאך נישט געזען, אזוינעם
מען זויפט און מע רוימט אלץ פון טיש
קומט מומע און מאכט א געוואלט
ווי קאן מען נישט הערן, נישט וויסן
דאס פאפיר, אין האנט, וואס ער האלט
אויף שטיקלעך, אויף קליינע צעריסן.
אודאי, געטרונקן ליקער
האט זיך פארדרייט דיר דער קאפ

והא ראיה די פלאש איז דאך לער
פון די צווייטע, איז קארק אויפגעשטאפט
קא טענער פון גאנץ און פון פרייד
כ׳ בעט אייך, פארלאנגט נישט פון מיר
צוריסן איז הארץ, נישט פארנייט
אזוי ווי מיין ערשטע שיר.
ציט ווער בויגן אויף פידל מיין
מע שפירט אין די טענער פון הארץ
אין איינעם מיט זיסקייט פון וויין
א ריח וואס זויער איז און שארף
בין איך א שטורעם אזא וויכער
הייב פון שטויבן צוריסענע שטיקער
קיינמאל בין איך דאן נישט זיכער
אויב איך אדער יענער איז שיכור.

---

י. גראנאטשטיין

# אלטער שנור, ה׳ ינקום דמו.

— — — זיינע גרויסע, שטענדיק, ברייט־צעעפנטע, בלויע אויגן, האבן געשפע׳ט מיט קינדישן חן. מילד קינדישע שמייכלען, הארציק קינדיש געלעכטער, קינדיש ניט דויערנדיקער רוגז וואס פלעגט איבערהויפט פארשווונדן נאך א געשאנקענעם אים שמייכל אויף צוריק, נאך א מילד, חבריש ווארט.

אומעט און פרייד האבן ווי צוזאמען, ביינאנד, ארויסגעקוקט פון זיינע אויגן, צי גאר פון זיין נשמה, פון זיין אינעווייניקסטן „איך״.

און אזא איז אויך געווען זיין ליד: באהויכט מיט פרייד און אומעט, מיט קינדישער תמימות, אויפריכטיקע תמימות.

---

פאראן דיכטער אינזיכדיקע. זענען פארשלאסן הינטער טויזנט שלעסער: עס איז שווער צו זיי צו צוקומען, דערגרונטעווען, זיך דערנענטערן צו זיי, ווארעמען זיך אין זייער איניגסטער וועלט, פילן דעם דיכטערס האנט אויף זיך, אט אזוי פשוט, אן איבריקע שלייערן, אן אנגעווארפענע מחיצות. קענסטו אפילו הנאה האבן פון זייערע לידער, זיך גריבלען אין סודות דורך זיי פארשלייערטע, אין פאר־שטעלטן מיין, און זוכן, זוכן, נאר דעם דיכטער גופא־ניט געפונען. ער באהאלט זיך אויס און סאיז גרויס דער מרחק צווישן אים, דעם פאעט־מענטש און דעם פשוטן בשר ודם, דעם לייענער זיינעם.

אלטער האט ניט געהערט צו דעם סארט דיכטער. ער האט אלע זיינע וועלטן אויסגעטון פון זייער העכערן לבוש און מיט זיין אראפ געגאנגען צו זיינע לייענער, אינגאנצן אוממיטלבאר, ניט דורך מעטאפארעס, סימבאלן, צי רמזים. זיין ליד איז געווען פאר קינד

און קייט, זיין וועלט, אדער זיינע וועלטן זענען געווען צוטריטלעך פאר יעדן. קלארע זענען געווען זיינע לידער. א ווארע וועלט — אין איר ליכט און אין איר שאטן, אין איר גוטס און אין איר שלעכטס.

פאלקסטימלעך איז ער געווען. ניט פאר עליטע געשריבן. פאר אויסדערוויילטע. נאר פארן פאלק. פון פאלק זיין רוי־שטאף גענומען און צום פאלק, צו די פשוטע מאסן אראפגעקוקט, צו זייערע נויטן, זיינע אלע לידער האט ער געשריבן פארן פאלק וועגן.

אלטער׳ס לידער האבן פארמאגט איידעלן טאן, שטילע מוזיק־קלאנגען און א סך, א סך לירישע באהויכונג. געזונגען האט ער וועגן אלץ: וועגן בוים און בלאט, זון און ליכט, קעלערדיקע ארעמקייט און רייכער פארשייטקייט, לידער צו ג־ט און פאר ג־ט און אין צענטער — דער מענטש, די אויסערוויילטע יצירה און זיין שיקזאל אין לעבן.

אפטמאל טויכן אין מיר אויף זכרונות פון פארגאנגענע טעג. א מאל דאכט זיך, אז אט דא נעכטן איז עס געווען. א צווייט מאל — ווי מיר וואלטן אייגנטלעך געהערט צו ווייטע פארגאנגענע דורות. ניט מער וואס מיר זענען מגולגל געווארן אין היינטיקע טעג...

## אלטער און איך אויף לאדזער גאסן...

— — — רעש און געפילדער. ווילדער געלויף פון מענטש און מאשין. ניטא קיין צייט... עס שטיין אין קאן: גרויסער פדיון, געלט און רווחים... פון איבער הייזער־דעכער שפארן רויטע פאבריק־קוימנס ווי דענקמעלער... פון זייערע רונדע מיילער, פארסאדזשעטע ביי די סאמע־עקן ווי זיי וואלטן זייערע דיקע ליפן איינגעשמירט אין שווארצן־שפארן טונקעלע רויך־שלאנגען. גרויער חלל. אויך דער הימל איז גרוי און פארסאדזשעט. עס איז ענג אויף די טראטוארן. אויסגעפוצטע רייכע יינגעלייטלעך שפרייזן גאווהדיק מיט זייערע קליינטשיקע טעשטקעלעך הינטערן ארעם־אוודאי גארן־הענדלער, צי אייגנטימער פון פארבערייען, פון טעקסטיל־פאבריקן צי אנדערע גרויסע פארמעגנסער. און זעסט אויך ארעמע הארעפאשניקעס, אביונים, אפגעריסענע־אפגעשליסענע, מיט איינגעפאלענע געזיכטער,

הונגעריקע נאך א ביסן ברויט, נאך א גראשן פארדינסט.

רעסטאראנען. א סך רעסטאראנען. זייערע שויפּענצטער שטעלן מיט זיך פאר א „רעוויע" פון געבראטענע גענז, ברוינע קאטשקעלעך וואס ליגן „נא־ווזנאק" אין פארגליווערטער גאלד־קאלירקער בראט־יויך. נעבן זיי — „פולמיסן" מיט געפילטע פיש. שטיק ביי שטיק און אלע שטיקער צוזאמען ליגן מיט הכנעה און ווי זיי וואלטן זיך געבוקט צום גרויסן קאפ וואס אין מיט־טעלער און וועמעס מויל־שפּיץ עס איז פארשלאסן מיט א רויט געלעבלעך שטיקל מער ווי מיט א גאלדן רענדל. „וווּרשטלעך מיט קרויט", „היינט טשאלענט", „ברוינע קישקע" — זאגן אן אויפשריפטן אין שוי פענצטער און רייצן דעם דורכגייער.

אלטער און איך שפּאצירן אויף לאדזער גאסן... מיר איילן זיך ניט... ניטא צו וואס... מיר האבן ניט וואס הזיק צו האבן, עס שטייען אונז ניט פאר קיין רווחים... מיר גיין געלאסן. מיר שווייגן, מיר ריידן. אונזערע פּראבלעמען! וועלט שמערץ... זון און לבנה... ליד און סאנעט...

יא. טאג איין און טאג אויס אזוי. א סך, א סך פעדים בינדן אונז און די חברשאפט דרינגט אזוי טיף אריין, צעעפנט אזוי אין אונז די דעמלט נאך יינגע הערצער... אזוי אז אלץ וואס יעדער פון אונז לעבט דורך הערט אויף צו זיין אייגן, נאר געהער צום שותפות, צו בשמהדיקער שותפות...

פלעג איך ניט איינמאל, אין מיט אזא שפּאציר, כאפּן א זייטיקן בליק אויף אלטערן, אויף זיינע בלוי־פארחלומטע, קינדיש מילדע אויגן און נאך איידער וואס־ווען פלעגן זיי שוין אליין מיר אנטפּלעקן זיין סוד: אמאל דעם סוד פון זיין אומעט און א צווייט מאל־דעם סוד פון זיין פרייד...

## שבת פארנאכטן ביי אלטערן אין שטוב...

עס האט אלטער אויפגעשטעלט פאר זיך זיין לעבנס־געצעלט און מיר, א גרופּע חברים זיינע, פארערערס, פלעגן זיך ביי אים צענויפקומען. איבערהויפּט: אין שבת־פארנאכטן.

זע איך זיי און לעב נאך היינט איבער יענע שבתדיקע בין השמשות מינוטן ביי אלטערן אין שטוב. צו שויב קלעבט זיך טונקל־בלוי וואס פארוואנדלט זיך אין שווארץ. אין שטוב ווערט טונקעלער און טונקעלער. נאר וואס מיר דרויסן, ווער מיר טונקעלניש ?... עפעס איז אזוי ליכטיק אין דיכטערס געצעלט, אזוי ליכטיק אין דער שבתדיקער בין השמשותדיקייט. עס גייט אן א געראנגל צווישן לעצט־שבתדיקער מינוט און אנקומענדיקער וואכעדיקייט.

אין דער א לויכטנדיקער טונקעלניש טראגט זיך פארדבקהט א ניגון וואס וויקלט איין די שטוב, אונז אלעמען, אין אזעלכע בענק־שאפטן, אין אזוינע טרוימען, אז עס ווערט אזש פון דעם ליכטיק אויפן הארץ און דאס געמיט גייט אויף, ווערט אזוי לייכט...

מיר ווילן דעמלט ניט זען די ליכט וואס שפארט פון דרויסן, די וואכעדיקע ליכט, נאר ווילן אויפהאלטן דעם שבת, די נשמה־יתירהדיקייט און מיר באשטיין אז עס זאל אזוי דויערן און דויערן דאס זיצן ביי אלטערן אין שטוב, זיצן און איינהערן זיך אין זיינס א ליד וואס ער רעציטירט פאר אונז און זיך פילן אזוי באפליגלט פון זיין דיכטערישער וועלט, פון זיינע וועלטן אין וועלכע ער פירט אונז אריין, אנטפלעקט פאר אונז — זיינע חברים, זיינע פאררערס...

ווייטע אפקלאנגען...

עכאס פון יענע גרויליקע טעג...

לאדז — אושביץ...

אלטער שנור איז ניטא...

איינער פון די זעכס מיליאן...

זאגט מען עדות וועגן אלטערן:

דוקא אין יענע טעג איז ער נאך מער פון שטענדיק געווען פול מיט גלויבן און האפנונג. ניט פארלארן חלילה דעם צלם אלוקים. נאר נאך מער זיך ארויסגעהויבן, אויפגע־לויכטן מיט זיין מענטשישקייט, יידישקייט און גרענעצלאזער אמונה אין ג־ט ברוך הוא."

„אין אנהויב האט ער געארבעט אין א שולע. האט ער

געשריבן לידעלעך פאר קינדער און מיט זיי פארזונגען דעם הונגער, די נויט, די קעלט. אלטער האט צו זיי ארויסגעוויזן טאטיש־מאמיש ליבשאפט. דערציילט זיי מעשהלעך, שיינע מעשהלעך וועגן פריידיקע טעג וואס וועלן נאך אנקומען און עס וועט צוריק זיין אזוי גוט, אזוי שיין... ער האט פארטריבן פון זיי מורא און ציטער, געמאכט זיי פארגעסן אין טאג־טעגלעכן גרוי, כאטש אים אליין, זיין געמיט איז געווען גענוג שווער, גענוג טרויריק, ליידנדיק ניט ווייניק הונגער און נויט.״

„שפעטער האט אלטער געארבעט ווי א פארטיער אין א רעסארט. גאר פרי פלעגט ער ארויס פון שטוב. אין ווינטערדיקע טעג ווען סאיז נאך געווען גוט פינצטער. א הונגעריקער און א מידער, האט ער געשלעפט מיט זיך צו דער ארבעט א גרויסע טארבע. זענען דארט געלעגן: טלית און תפילין, א גמרא, אנדערע ספרים און פאפיר צום שרייבן. דאס איז געווען זיין שפייז. מיט דעם האט ער זיך גענערט״.

„און אויסגעזען האט ער אזוי: דאס אויסגעהונגערטע פנים — בלאס און אויסגעצויגן. נאר דער זעלבער קינדישער שמייכל אויף זיין געזיכט. זיינע העל בלויע אויגן האבן ווי אמאל געשפּע׳ט מיט גוטסקייט, מיט קינדישער תמימות און נשמה־הארציקייט״.

„אין רעסארט וווּ ער האט געארבעט, איז זיין צימערל פארוואנדלט געווארן אין א מין בית־ועד פאר שרייבער, דיכטער און סתם מענטשן וועלכע האבן געוואלט כאטש מינוטן בלויז זיך געפונען אין זיין געזעלשאפט. ניט איינמאל פלעגט א רעסאר׳ט ארבעטער זיך ארייננכאפן צו אים אין צימערל און א בעט טון: „לעזט עפעס פאר רב אלטער״, „פון אייערע זאכן ליינט אונז״. אלטער האט זיך ניט געלאזן בעטן און טאקע געליינט פון זיינע געטא לידער וואס האבן אין דיכטערישער שפראך געשילדערט פיין און לייד פון די אזוי דערנידעריקטע יידן, זיינע ברידער״.

דערציילט מען:

„אין יענע שווערע טעג האט ער שטארק מקפיד געווען מקיים צו זיין די מצווה פון ביקור־חולים. ער איז געקומען אין שטיבער פון באקאנטע און אומבאקאנטע, געזעסן ביי די בעטן פון די קראנקע, זיי געמונטערט, אריינגעגעבן האפנונג. ניין, ער איז ניט געקומען מיט קיין ברויט צום קראנקן אין שטוב. ער האט עס ניט געקענט טון, ווייל אין שטוב ביי איב אליין האט שטארק געפעלט דער ביסן ברויט, ווייל אין שטוב ביי אים אליין האט מען גוט געהונגערט. פון הונגער איז אלטער געווען געשוואלן, אבער מיט די געשוואלענע פיס האט ער זיך געשלעפט צו די קראנקע, פארברענגט מיט זיי און זיי מחייה געווען.״

„אלטער האט געהאט אויסערגעוויינלעכן כוח אויס־צטראגן הונגער און נויט, ניט ווייניקער פון אנדערע געליטן, נאר פארביסן די ליפן און זיך געהאלטן שטארק, גייסטיק שטארק. אזוי האט ער געפלעגט אויסבאהאלטן רעפטלעך ברויט פון דער איינמאליקער צוטיילונג אין דער וואך, געזאמלט און געזאמלט ביז... און אז ער האט שוין געהאט אנגעזאמלט א גאנץ ברויט, האט ער עס פרייטיק צו נאכטס אוועקגעלייגט אויפן טיש און קידוש געמאכט איבערן אנגעזאמלטן, צוזאמנגעשטעלטן ברויט...״

קען ווער פרובירן זאגן: „אויך דאס הייסט גבורה?״ „מאי כולי האי?״ אבער אין יענער אומגליקלער־טראגישער וועלט, אין יענער טרויעריקער צייט, ווען אלע ווערטן זענען געווען אזוי צעטרעטן, צעשלאגן, ווען גייסטיקע באגריפן האבן ביי א סך געהאט פארלארן זין און אנזען, האט דאס „קידוש־ברויט״ אנגעזאמלט אין הונגעריקע וואכן־טעג געלויכטן אין אלטער׳ס שטוב מיט אויסערגעווענלעכן שבת־גלאנץ, מיט אמתער, יידישדיקער, גייסטיקער גבורה.

---

„גאנצע נעכט איז ער געזעסן און געשריבן. אויפגעכאפט

יעדע מינדסטע דערשיינונג אין געטא און געדיכטעטע. זיין פילבארע נשמה האט אויף אלץ רעאגירט. זיין ווילן צו בלייבן לעבן איז געוועזן אומגעהויער גרויס, נאר אז עס האבן זיך אין אים פארגנבעט מרה־שחורהדיקע מחשבותן און ער האט גענומען צווייפלען אין די אויסזיכטן צו בלייבן לעבן, האט ער געוואלט אז עס זאלן כאטש די לידער זיינע דערציילן דעם גרויל פון יענע טעג. אין אזעלכע שווער־געמיטיקע מינוטן האט ער א סך געשריבן, ניט געשאנעוועט די געטא „שישקעס", דערציילט אין ליד וועגן זייער אכזריות, געשריבן קעגן דעם יידנעלטסטן רומקובסקי און שטענדיק, קומענדיק אהיים פון דער ארבעט, זיך געפרעגט צי געסטאפא האט אים ניט געזוכט, צי מען איז אים ניט געקומען נעמען".

---

„ער איז אזוי געוועזן פארטון אין ליינען און שרייבן, אז ניט איינמאל, ווען נדיק העלפן אין שטוב, האט ער געפלעגט נעמען דאס ריב־אייזן, אוועקשטעלן זיך רייבן קארטאפל, רעטעך, קאלארעפעס... און ליינען. רייבן און ליינען... דאס בוך איז געשטאנען אנגעלענט אן וואנט און ער, אלטער האט געליינט און פון צייט צו צייט אויך א רייב געטון אויף דעם ריב־אייזן..."

„פיל פרייד האט ער איבערגעלעבט ווען ער האט אויסגעפונען א שרייבער־טאלאנט צווישן די פיל מענטשן וואס פלעגן אריינקומען צו אים אין שטוב. מיט אזא איינעם פלעגט ער א סך פארברענגען, אריינגעבן קוראזש צו שרייבן, ממש פירן ביי דער האנט. אזוי זענען געבליבן בריוו פון באקאנטן לאדזער פאבריקאנט זילבערשטיין, דעם גערער חסיד, וועלכער האט פאר אלטערן פארגעליינט זיינע געטא־שריפטן, אזוי זענען אויך געבליבן געטא לידער געשריבן דורך א יינגל ציעכאנאוווסקי. דאס הונגעריקע קינד פלעגט ארויפ־קומען אין די אוונטן צו אלטערן און ביי דער שיין פון שוואכער ליכט פארליינען זיינע שאפונגען".

„זיין שטוב איז געווען פול מיט ספרים און כתבים יקרי ערך. נאר ניט איינמאל האט פאסירט אז עס האט אים ווער אנגעבאטן עסנווארג: צוקער, אייל, ברויט, א. אז. וו. פאר א ספר פון זיינע ספרים, האט ער ניט געוואלט הערן דערפון. זיין ליבשאפט צום ספר איז געווען אומגעהויר שטארק און ער האט ניט געוואלט עס טוישן פאר אזא מינדערווערטיקע זאך ווי ברויט, ברויט פארן מאגן ווענן...״

„און ניט בלויז דאס. עס פלעגן ארויפקומען חברים אין שטוב צו אים און מיט ברענגען גרינווארג־פראדוקטן פון זייערע גארטן־געוויקסן און עס איז קיינעם ניט געלונגען בשום אופן צו פועלן ביי אלטערן ער זאל עפעס נעמען פון זיי, אויב ניט דורך פארשידענע תחבולות צו וועלכע דער ערלעכער אלטער האט זיך ניט דערטראכט...״

---

זענען דאס געווען שווערע נסיונותדיקע טעג. אבער מיטן כוח פון זיין זויבערער נשמה איז ער מיט לייכטע טריט געגאנגען איבער אלע צרות און פיין.

און געקלאגט האט ער און געזונגען. מיט שטילן, אבער טיף מענטשלעכן טאן האט ער באהויכט זיין געשאפן ליד. מיט הכנעה צו ג־ט און מיט גרענעצלאזער ליבע צו מענטשן.

במשך די אלע שווערע נסיון־יארן, איז אלטער ניט ארויס פון זיינע גליידן, אבער דערמאנענדיק אים, ווילט זיך פרעגן: וואס פארא גלייזן זענען דאס געווען וואס האבן אין אזא קאטאסטראפע צייט, זיך ניט אונטערגעבראכן? ווי שטארק האט מען געדארפט דערצו זיין? ווי גייסטיק שטארק?!

---

א שיינע פאר יאר איז פארביי...

איינמאל דאכט זיך אז ערשט נעכטן, ערשט דא ניט לאנג האבן מיר אזוי ביידע שפאצירט אויף די רווישיקע לאדזשער גאסן. יא, טאקע, דא ערשט ניט לאנג... ביי אים אין שטוב, אין

שבת־פארנאכטן, עס שוועבט אין חלל אן אפקלאנג פון זיינס א דעמלסטיק ליד...

און א צווייט מאל דאכט זיך אז דאס וואס איז געוועזן־איז געווען מיט דורות צוריק, נאר ווי גלגולים זענען מיר מגולגל געוואָרן אין היינטיקע טעג...

ניטא אלטער שנור.

איינער פון די זעכס מיליאָן. —

געהאט האב איך א חבר א נאנטן, א דיכטער פון ג־טס גענאד, א הארציקער חבר — איז ער אומגעקומען אין אושביץ.

איינער פון די זעכס מיליאָן.

שטיל האט ער געלעבט זיין לעבן.

שטילע זענען געווען זיינע דיכטערישע תפלות. שטיל און הארציק האט ער געטראָגן זיין געזאנג צו ג־ט און צו וועלט.

און אומגעקומען איז ער צוזאמען מיט א סך פון זיינע ברידער.

איינער פון די זעכס מיליאָן.

איינער מיט אזא קרישטאל־ריינער, נשמה.

חבל על דאבדין.

---

דבורה ווײַנפעלד-סאמועל

מוקדש לזכר הורי, אחים ואחות היקרים ת״ד

# בײַטש צווישן בײדע וועלט־מלחמות.

נאכן ערשטן וועלט־קריג, ווען דער רוב בײַטשער ייִדן, וועלכע האבן געהאט פארלאזט מלחמה־צײַט די שטאט, אריבער קײן טשעכאָ־סלאוואקיע, זענען צוריק אהײם געקומען, האבן זײ פון זײער האב און גוטס גארנישט אנגעטראפן. זײערע ווערטזאכן, וואס זײ האבן געהאט איבערגעלאזט הינטער זיך, אײַנגעמויערט און פארגראבן אין פאר־שידענע באהעלטענישן, זענען פארשווונדן... נאר אז מען איז געבליבן לעבן איז מען געווען צופרידן — און בײַטשער ייִדן האבן נישט פארצווייפלט: אלץ אנגעהויבן בויען אויפסנײַ. און לאנגזאם. לאנגזאם האט מען אנגעהויבן קומען צו זיך: פון פשוטע ברעטער האט מען געמאכט בעטן, פון קעסטלעך — א טיש, בענקלעך; מען האט אפגעפארבט זעקלעך פון זאלץ און פון דעם געמאכט א מלבוש אנצוטוען. מען האט אנגעהויבן ארומגײן איבער די דערפער פון דארט געברענגט א ביסל עסנווארג פאר זיך און אויך צום פארקויפן — און אזוי האט זיך ביסלעכווײַז אנגעהויבן א נײַ לעבן. מען האט געעפנט די געשעפטן, ארײַנגעברענגט פון די גרעסערע שטעט פאר־שידענע זאכן, וואס דארט זענען זײ ווי „פארלעגן", און פאר אונז א נויטווענדיקײט: רעשטלעך פון מאנופאקטור, נישט מאדערנע קלײדער, אפפאל פון פאפיר (אפשניט־פאפיר) און מען האט אנגע־הויבן האנדלען. די ארײַנגעברענגטע זאכן האבן דא געהאט אן אפגאנג, זײ האבן זיך גוט פארקויפט און מען האט זיך צוריקגעשטעלט אויף די פיס. מיט אײן ווארט צוריק אנגעהויבן ווערן מענטשן.

ווען דאס לעבן אין בײַטש האט זיך אנגעהויבן צו נארמאליזירן, האבן די גויים — פויערן פון די ארומיקע דערפער ארײַנגעפירט

זייער פראדוקציע: הינער, אייער, קארטאפל, גרינסן און תבואה. דאס איינגעלייזטע געלט האבן זיי באלד צוריק אויסגעגעבן אין שטאט אויף זאכן אין וועלכע זיי האבן זיך געניטיקט, און יידישע קראמען האבן געלייזט. מיט דער צייט האט מען געמאכט נאפט־גרובנס ארום בייטש. און די גויים־ארבעטער וועלכע האבן געגראבן דעם נאפט און האבן גוט פארדינט האבן אויך זייער פארדינסט איבער־געלאזט אין בייטש — אויסגעבנדיק עס אויף קליידונג, שוכווארג און מעבל. אויך די שענקען האבן גוט געלייזט, ווייל דער פוילישער ארבעטער האט נישט פיינט דעם „ביטערן טראפן".

אלע געשעפטן אין בייטש זענען איינגעשטאנען אין יידישע הענט. אין רינג און אויף דער הויפט־גאס האט זיך קאנצענטרירט דאס יידישע לעבן. דא האבן יידן געוווינט און געפירט זייערע געשעפטן. דא איז אויך געשטאנען דאס בית־המדרש (הייגט ר"ל, א גוישע שול מיט א צלם אויפן ארט פון ארון־קודש). די קריסטן האבן געוווינט אין די זייטיקע געסלעך און האבן געלעבט פון „פקידות" — כמעט אלע קריסטלעכע איינוווינער זענען געווען באאמטע, און האבן געהאט קליינע ווירטשאפטן: חזירים, קי און הינער. פארשטייט זיך, אז די אייער פון די הינער און די מילך פון די קי האבן זיי פארקויפט יידן. זייערע קירכן און קינדער־שולן זענען געווען הינטער דער שטאט. אין זייערע שולן ווו עס האבן געלערנט באזונדער יינגלעך און באזונדער מיידלעך, האבן אויך געלערנט יידישע קינדער — מיינסטנס מיידלעך. די ידישע יינגלעך זענען געגאנגען אין „חדר", און וועלטלעכע לימודים האבן זיי געלערנט ביי פריוואט־לערערס, און שפעטער באלייגט עקזאמענס — עס איז דאך געווען צוואנגס־שול. די מיידלעך האבן נאכמיטיק געלערנט ביי א רבי — יידישקייט: דאווענען און שרייבן יידיש.

די איינציקע קריסטלעכע געביידע, וואס איז געשטאנען אין רינג, איז געווען דער „מאגיסטראט" — אן אלטער בנין מיט א גרויסן טורם, ספעציפיש פאר אן אלט־היסטארישע שטאט. פון ביידע זייטן בנין זענען געווען צוויי גוט־פארדעקטע ברונעמער אין וועלכע עס האט אריינגעשטראמט דאס וואסער פון די בערג. דאס וואסער

אין די ברונעמער איז געווען לויטער און באטעמט. וואסער־טרעגערס האבן פון דארטן געשעפט און געליפערט וואסער פאר אלע איינוווינער אין שטאט. מיט דער צייט האט מען איינגעפירט וואסערלייטונג אין די וווינונגען און אויך קאנאליזאציע. נאר דריי גויישע געשעפטן זענען געווען אין בייטש: צוויי חזיר־געוועלבער און אן אפטייק אבער זיי זענען נישט געווען אין רינג נאר הינטער דער שטאט.

די יידן אין בייטש האבן געלעבט רויק, באלעבאטיש. און אלע — ווי איין גרויסע משפחה. האט איינער געמאכט א שמחה, האבן כמעט אלע יידן אין שטאט אנטייל גענומען אין איר. האט זיך חלילה געמאכט אן אומגליק ביי עמיצן האבן אלע מיטגעפילט... איז פאר־געקומען א חתונה פון אן ארים מיידל — זענען אלע רייכע מיידלעך געקומען צו דער חתונה. זיי האבן אויסגעפוצט די כלה, געהאלפן באקן, קאכן, אלץ צוגרייטן און געמאכט פריילעך. מען האט געהאלפן יעדן איינעם, וואס האט זיך גענויטיקט אין הילף: א געפאלענעם סוחר, א קראנקען, הכנסת־כלה און אנדערע הצטרכותן. מען האט צוזאמענגענומען געלט צווישן זיך און עס אוועקגעטראגן דארט, וווּ מען האט באדארפט, אויף אזא אופן, אז דער נצרך זאל נישט וויסן ווי אזוי דאס געלט איז געשאפן געווארן.

אינטערעסאנט איבערצוגעבן א פאקט, וואס באווייזט די נאענט־קייט פון די יידן אין בייטש: עטלעכע וואכן נאך מיין עלטערן ברודערס, מנחם מענדלס, חתונה איז צו אונז געקומען ר׳ אלתר אלישע וויינבערגער הי״ד מיט א צעקנייטשטע חתונה־בריוול אין האנט און דערציילט, אז ער האט דאס ערשט יעצט דערהאלטן... אויף דער חתונה איז ער געקומען, ווייל ער האט פארשטאנען, אז אדער מען האט אים פארגעסן צו בעטן אדער עס איז געשען אן אנדערער צופאל. יא, יידן אין בייטש האבן נישט געדארפט די „אפיציעלקייט״, זיי האבן מיטגעלעבט, מיטגעפילט יעדנס פרייד אדער טרויער.

די געשעפטן אין בייטש זענען געווען צוזאמען מיט די וווינונגען, און אלע קינדער האבן מיטגעארבעט, מיטגעהאלפן די עלטערן אין געשעפט. קיין באאמטע האט מען דאך נישט געקענט ווערן, ווייל קיין יידן האט מען נישט צוגעלאזט אויף א זעלכע פאסטנס. און

ווידער אוועקגיין ארבעטן צו א פרעמדן האט נישט געפאסט... איז „נאלענס וואלענס" האט מען צוגעהאלפן די עלטערן. איין מאל אין דער וואך איז געווען א יריד און דעמאלט איז דאך אודאי קיין שום האנט און קיין שום אויג נישט געווען איבריק... אינם טאג פון יריד זענען די פויערן פון די ארומיקע דערפער געקומען מיט זייערע פראדוקטן. עס זענען געקומען סוחרים פון גארליץ און פון יאסלא און אויך פון אנדערע מקומות און אויסגעשטעלט זייער סחורה אויף טישלעך אין רינג — און נישט איינער האט פון אזא טאג־לייזעכס געהאט פרנסה אויף א גאנצע וואך ביז צום קומענדיקן יריד. עס זענען געווען פאלן וואס אין אזא יריד־טאג זענען פארגעקומען אומרוען — אונטערגעבונטעוועטע גויים פלעגן זיך לאזן איבערן רינג, שלאגן יידן און ראבעווען. מיינסטנטייל אבער האט זיך די פאליציי דערוווסט פריער אז עס גרייט זיך צו עפעס און זיי האבן וועגן דעם צו וויסן געטיען די יידן, אז זיי זאלן זיין גרייט און זיך היטן — אויך זיי, די פאליציי, האט זיך באמיט דאס אויסצומיידן...

עס פלעגט אויך טרעפן אז א פאר גויים האבן זיך צוזאמענ־גענומען, איבערגעדרייט א פאר טישלעך מיט סחורה, עפעס געכאפט... עס איז באלד געווארן א געוואלד, א געשריי—אבער צו קיין ערנסטע זאכען איז עס נישט געקומען. דער קאמענדאנט פון דער פאליציי דער בירגערמייסטער און די הויכע באאמטע זענען תמיד געווען אויף דער זייט פון די יידן... פארשטייט זיך, אז דאס איז נישט געווען בחינם — זיי האבן באקומען „מתנות". אמת, נישט קיין גרויסעס האט מען זיי געגעבן. אבער דאך, אויף יעדער חגא פלעגן די יידן פון שטאט זיי ארייגשיקן א „מתנה" — יעדער האט געשיקט עפעס פון דעם, מיט וואס ער האט געהאנדלט, למשל: מיר האבן געהאנדלט מיט תבואה, מיט מעל — האבן מיר זיי געשיקט פאשע פאר זייערע בהמות און חזירים, א שענקער האט געשיקט געטראנקען, א פישער — פיש, א קאלאניאל־געשעפט — קאווע, טיי, אן אויבסט־הענדלער — פרוכטן א. א. וו. דאס געבן מתנות האט זיך אונז געלוינט. מיר זענען דאך געווען א מינדערהייט. און די פראסטע גויים ווען מען האט זיי געבונטעוועט, זענען שטענדיק גרייט געווען צו שלאגן יידן אדער

ראבעווען יידיש פארמעגנס... אבער אז די יידן זענען געווען „געדעקט" ביי דער פאליציי, האט מען געקענט שלאפן רויק.

אין די שפעטערדיקע יארן, הארט פארן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די שטאטישע, פוילישע יוגענט האט אנגעהויבן שטודירן און זענען געווארן גרויסע פאטריאטן „ענדעקעס", האבן זיי געוואלט ארויסנעמען דעם האנדל פון די יידישע הענט. די צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די שטאטישע, פוילישע יוגנט האט קעגן יידן. די קריסטלעכע באפעלקערונג האט זיך אבער געפירט לויטן אלטן שטייגער און ווייטער געקויפט ביי יידן. אז דאס אגיטירן קעגן יידן האט ווייניק וואס געהאלפן האבן די „ענדעקעס" אנגעהויבן אויסצושטעלן „פיקעס" פאר די יידישע געשעפטן. דאס הייסט, אז ביים אריינגאנג פון יעדער יידישער קראם זענען געשטאנען צוויי פוילישע סטודענטן און געמוסרט יעדן גוי וואס האט געוואלט אריינגיין אין א יידיש געשעפט: „דו ביסט א קריסט", האבן זיי געטענהט, „דארפסט, קויפן ביי קריסטן, און די יידן זאלן גיין קיין פאלעסטינע". פיזיש האבן זיי אונז נישט געשלאגן, זיי האבן אונז געוואלט שלאגן עקאנאמיש, אויף דער קעשענע. די פאליציי האט געקענט אויסמיידן געוואלט־טאטן. שלאגן אדער ראבעווען, מיט וועלכע עס האט זיך פארנומען דער פראסטער המון, אבער ביי דער אינטעליגענץ, וואס האט זיך באנוצט מיט אגיטאציע איז זי געווען אוממעכטיק. די סטודענטן זענען אויך געווען קינדער פון אנגעזעענע פוילישע משפחות, און ווען די פאליציי זאל אפילו וועלן אינטערווענירן, וואלט מען איר געזאגט דאס וואס זי האט נישט געוואלט הערן... און דערפאר טאקי האבן די ענדעקישע סטודענטן געפירט זייער פראפאגאנדע קעגן יידן אימגעשטערט.

אין אלגעמיין אבער איז די מאטעריעלע לאגע פון די יידישע סוחרים אין בייטש געווען א גוטע. און עס איז אויך נישט קיין וואונדער, מען האט נישט געלעבט אין לוקסוס .קינא, טעאטער, קאנצערטן, זענען פאר בייטשער יידן כמעט ווי פרעמד געווען. א מלבוש האט מען געטראגן א פאר יאר — קיינמאל נישט ארויס פון דער מאדע. מען האט נישט געוווסט פון קיין „אורלאפן" (חופש)



בית הספר "בית יעקב" בבייטש.

ארויספארן אויף אפרו. אפגערוט האט מען זיך נאר דאן ווען דער רופא האט פארשריבן „צום געזונט"... אזוי אז מען האט געקענט און געמוזט שפארן א גראשן צו א גראשן. חתונה צו מאכן א טאכטער איז נישט אונגעקומען לייכט, מען האט געדארפט געבן נדן, פאר דעם נדן־געלט האט מען געדארפט עפענען א געשעפט פארן נייעם פאר, ווייל קיין באאמטנשטעל האט א יידישער יינגערמאן נישט געקאנט באקומען... איז איינער געווען א בעל־מלאכה האט מען פאר אים געדארפט מאכן א ווערקשטעל — אזוי אז דער נדן איז געווען בארעכטיקט און מען האט געדארפט שפארן.

האט טאקי יעדער איינער געשפארט, ווי ווייט מעגלעך א גראשן צו א גראשן, אבער ביי קיין פאל נישט אויפן חשבון פון דער קישקע, נישט קיין קישקע־געלט — אין בייטש האט מען דוקא גוט געגעסן, די פעטע גענז און הינער, די בעסטע פרוכטן, וואס די פויערים האבן אריינגעברענגט זענען פארברויכט געווארן, די דארפס־יידן האבן געברענגט פוטער און קעז — אויך אין שטאט איז געווען א שפע פון „אלעם גוטן".

א גאר חשובע ראלע האבן געשפילט אין בייטש דער רב, דער דיין און דער שוחט. יעדער פון זיי האט אויסגעפירט א וויכטיקע פונקציע אין יידישן לעבן, איבערהויפט דער רב. צו אים, צום רב, האט מען זיך געוואנדן אין פריידן און אין ליידן — איינער וועגן אן עצה, א צווייטער וועגן א ברכה. דער רב האט אויך געהאט קעגנערס אין שטעטל, די אמתע סבה דערפון ווייס איך נישט, איך געדענק אבער מחלוקת... פלעגט מען זאגן אויף די געגנערס „זיי ווילן נישט געבן קיין „רעגעל־געלט" מאכן זיי זיך ברוגז". ווי מען זעט האט ער דוקא געהאט גרויס זכות און פון אלע יידן אין זיין עלטער איז ער איבערגעבליבן נאך דער גרויסער קאטאסטראפע, השי"ת זאל אים מאריך ימים ושנים זיין. און ווען ער איז געקומען פון אמעריקע קיין ישראל, זען דאס ביסל איבערגעבליבענע יידן פון זיין קהילה קדושה בייטש, האט מען אים דא אויפגענומען מיט גרויס כבוד, און אפילו די, וואס זענען אמאל געווען זיינע קעגנער אין בייטש האבן עס דא פארגעסן. מען האט אים ארומגעפירט ווייזן

דאס לאנד און אים צוגערעדט, אז ער זאל זיך דא באזעצן, און ווייטער זיין אונזער פירער און עצה־געבער.

קיין פאליטיש לעבן האט פאר בייטשער יידן כמעט ווי נישט עקזיסטירט — צו ד' סיים־וואלן האבן די יידן געשטימט פאר דער רעגירונגס־ליסטע, יידן דארפן גיין מיט „מלכות"... די ציוניס־טישע יוגנט האט געשטימט פאר דער ציוניסטישער ליסטע, וועלכע האט פארטרעטן ד' יידישע אינטערעסן. א וויכטיק געשעעניש אבער זענען געווען די קהילה־וואלן. דא האבן זיך שוין געפירט קאמפן שטארקע — עס איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז די פאליציי האט געמוזט אינטערווענירן... דער הויפטקאמף האט זיך געפירט צווישן דער יוגנט — דער ציוניסטישער און אגודהסטישער —ביים אגיטירן נעבן דעם קהילה־שטיבל ווו די וואלן זענען פארגעקומען.

שבת — האט בייטש באקומען אן אנדער פנים. עפעס איז דאס געווען אן אנדער בייטש ווי א גאנצע וואך. אלע געשעפטן זענען געווען פארמאכט (קיין גוישע קראמען זענען דאך אין שטאט נישט געווען). די יידן זענען געגאנגען רויקער, געלאסענער, זיי זענען נישט געווען פארשמייעט מיט די וואכעדיקע דאגות. אלע אויסגעפיצט ווי פרינצן, די שבתדיקע מלבושים די זיידענע בעקעשעס און די שטריימלעך האבן אראפגעפינקעלט פון זיי און זיי צוגעגעבן מלכות־דיקייט. די יינגעלעך האבן געטראגן ווייסע העמדער און סאמעטנע היטלען. די ווייבער האבן געטראגן ריינע פאטשיילעס און געווען אויסגעצירט שיין און ד' מיידלעך ריין אנגעטיען מיט בענדער אריינגעפלאכטן אין די צעפלעך... מען האט געטראגן טשאלענטער און איבערן גאנצן שטעטל האבן זיך געטראגן קלאנגען פון זמירות וואס זענען געקומען פון די שטובן, ווו ביי יעדער טיש איז זיך מלכותדיק געזעסן די משפחה ביי ווייס־געדעקטע טישן. יעדער שטוב איז געווען ווי א מלוכה פאר זיך. אלע זענען דארט געזעסן מיט גרויס דרך־ארץ און קיינער האט נישט געהאט די דרייסטקייט אויפצושטיין פונם טיש פריער ווי עס האט דאס געטיען דער בעל־הבית... נישט זיין ביי „קידוש" אדער „הבדלה" האט נישט געקענט פאסירן אין בייטש — דאס וואלט געווען אן עבירה נישט מוחל צו זיין... אפט




**ועד מקומי של הסתדרות צעירי אגודת ישראל בבייטש.**

**יושבים מימין לשמאל: מנדיל סאמועל ז"ל, אלטר אלישע וויינבערגער הי"ד, חניך נוסבוים (אמריקה)**
**עומדים: אלטר שנור הי"ד, בנימין זינגר הי"ד, ישראל אטינגר הי"ד, ברוך קליינמן הי"ד, חיים שטורם ז"ל.**

מאל איז אויך ביים טיש געזעסן אן אורח אדער צוויי. יעדער בעל־הבית האט געהאלטן פאר זיין פליכט אהיימצונעמען אן אורח אויף שבת פונם בית המדרש. אינם בית המדרש פלעגן זיך יאוועז „אורחים פורחים", מדינה־גייערס, וואס זענען געקומען בעטן נדבות, אסך פון זיי האבן נאר איבערגענעכטיקט און ווייטער געגאנגען, אבער אז זיי זענען געבליבן שבת אין בייטש האט מען זיי אהיים־געבעטן אלס אורחים. מייננסטן זענען זיי געקומען פון רוסיש־פוילן. זיי האבן געבעטן א גראשן, עפעס עסן אדער אנטועכטס.

מיין פאטער ר׳ אברהם סאמועל און מיין מוטער יוכבד הי״ד זענען געווען באקאנט אלס גרויסע נדבנים, ווער עס איז אריינגעקומען א הונגעריקער איז ארויס א זאטער, א בארוועסער איז ארויס א באשוכטער, אן אפגעריסענער — באקליידט און נאך עפעס צו אין דער קעשענע... און אז איך דערמאן שוין נדבנים פון בייטש קען איך אויך נישט אדורכלאזן ר׳ אלי ראט און זיינע קינדער. ר׳ אלי האט געשפענדעט א גאנץ הייזל מיט געלעגערס פאר די ארימע־לייט, וואס וואנדערן איבער דער מדינה, אז זיי זאלן האבן אן ארט וווּ איבערצונעכטיקן. נישט איינמאל האבן די ארימעלייט ביים אוועקגיין פון בייטש מיטגענומען מיט זיך די דעקן — ר׳ אלי ראט האט געגעבן אנדערע דעקן... און, פארשטייט זיך אויב מען האט געהאלפן פרעמדע יידן, האט מען דאך אייגענע, שטאטישע, אוודאי און אוודאי געהאלפן: א גמילות־חסד, א זשירע אויף א וועקסל, געבארגט א מלבוש, ווען עמיץ האט געדארפט אוועקפארן אויף א שמחה און האט פונקט א שיין מלבוש נישט געהאט...

יעדער ערב יום־טוב האט זיך געהאט זיין אייגנארטיקייט אין בייטש. לויט דער שטימונג אדער ריחות, וואס האבן זיך ארומגעטראגן איבערן שטעטל, האט מען געקענט דערקענען וואס פאר א יום־טוב עס קומט אן — אפילו מען זאל נישט פארגעדענקען דעם לוח־הזמנים. פאר א בייטשער איז געווען געווען, אויב ער איז א געוויסע צייט נישט געווען אין שטאט, אז ער זאל צוריקקומענדיק באלד דערפילן ווו ער האלט... איבערהויפט איז דאס קאנטיק געווען אין די ימים־נוראים — דאס גאנצע שטעטל איז געווען איינגעהילט אין

א פחד, ועלכן מען האט ממש געקענט דערפילן אין דער לופט. די דאזיקע שטימונג, וואס האט זיך געטראגן איבערן גאנצן שטעטל, האט אפילו משפיע געווען אויף די גויים. ערב יום־כיפור ספעציעל, איז דער פחד געוואקסן: יונג און אלט האט זיך געשראקן פארן יום־הדין. מען איז געווען פארצאגט מיט פארוויינטע אויגן איז מען ארומגעגאנגען איינעם צום אנדערן ווינשן „א גמר חתימה טובה" און פאר איינוועגס געבעטן סליחה ומחילה, מוחל געווען איינער דעם אנדערן, טאמער האט חס־וחלילה, עמיצער עמיצן באליידיקט, אדער עפעס שלעכטס געטיען במשך פונם יאר... אפילו קליינע קינדער האבן געוואסט, אז יום־כיפור טאר מען נישט זיין „ברוגז" און זיי האבן געטיען דאס זעלבע, וואס די דערוואקסענע — זיך איבערגעבעטן. צו כל נדרי זענען די מענער אין ווייסע קיטלען געגאנגען אין בית־המדרש פול פחד אבער אויך מיט האפנונג, אז השי"ת וועט זיי מוחל זיין די עוונות און צושיקן א גוט יאר. אויך די פרויען אין ווייסע פאטשיילעס זענען געגאנגען אין שול אריין מיט פחד און זייערע געוויינען האבן זיך געטראגן ביז אין הימל אריין... און דאכט זיך, אז אונזערע מאמעס האבן קיינמאל נישט געזינדיקט. געווען זענען זיי דוקא נשים צדקניות, געטרייע ווייבער, איבערגעגעבענע מאמעס און תמיד גרייט געווען צו טוען א טובה, מיט אלע מעגלעכקייטן געהאלפן א נויטבאדארפטיקן מיט וואס זיי האבן נאר געקאנט און דאך איז ביי זיי געווען אזא פחד פארן יום־הדין.

די זון, אזוי האט זיך אויסגעדאכט, איז פרי פארגאנגען, דער הימעל האט זיך געטונקלט און די לופט איז אנגעשטעקט געווארן מיט עפעס מיסטישעס, וואס האט אנגעפילט אלעמען מיט אזא זיסלעכע טרויעריקע בענקשאפט צו עפעס און גלייכצייטיק געשראקן... אפילו די גויים האבן זיך געשראקן און פאר פחד נישט ארויס פון די שטובן אין דעם דאזיקן אוונט. די מיידלעך זענען געבליבן אינדערהיים — עס האבן זיך צוזאמענגענומען עטלעכע מיידלעך און אכטונג געגעבן אויף די גרויסע יום־כיפור־ליכט, אז זיי זאלן זיך נישט איבערקערן און חלילה נישט מאכן קיין שריפה און אויך געהיטן די קליינע קינדער. און אזוי היטענדיק די ליכט און די קינדער — האט מען

זיך דערציילט נוראדיקע מעשיות וועגן דעם הייליקן טאג. למשל: א בחור, אן אפיקורס, האט נישט געוואלט גיין צו כל־נדרי און ווען מען איז צוריקגעקומען פון שול האט מען אים געטראפן טויט... איינער, א יונגערמאן האט געגעסן אין דעם הייליקן טאג און איז דערשטיקט געווארן... און נאך און נאך אזעלכע ענלעכע שרעקלעכע מעשיות וואס זענען געווען פארבונדן מיט דעם טאג. די מעשיות האבן אינז געהאלטן אין א געדריקטער שטימונג און דאך האבן מיר נישט אויפגעהערט צו דערציילן... אויף די דערפישע מיידלעך, וועלכע פלעגן קומען אין שטאט אריין אויף ימים נוראים מיט זייערע טאטע־מאמע פון די ארומיקע דערפער, האבן די מעשיות גאר שטארק געווירקט... זיי האבן ממש אויפגעציטערט ביים הערן די אויסטער־לישע מעשיות און זיי זענען געזעסן אין איין שרעק ביז נאך כל־נדרי.

## די יוגנט אין בייטש

די גאנצע יוגנט אין בייטש (א חוץ דער אגודהשער) מיט אלע אירע פאליטישע אנשויונגען איז כמעט געווען א ציוניסטישע און האט זיך קאנצענטרירט אין „פאריין" — דאס הייסט אינם לאקאל פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע. דארט האבן מיר געהאט א ביבליאטעק מיט ביכער אין פיר שפראכן: העברעיש, יידיש, דייטש און פויליש; א לעזע־זאל און א פארוויילונגס ווינקל אויף צו שפילן שאך. דארט, אין פאריין, זענען אויך פארגעקומען העברעישע קורסן און יעדן יום־טוב זענען געהאלטן געווארן לעקציעס מעניני דיומא. אזוי אז די מיידלעך וועלכע האבן קיין חדר נישט באזוכט און וועגן דעם נישט געלערנט אין דער קריסטלעכער שול, האבן א דאנק די לעקציעס באקומען ידיעות וועגן אונזער היסטאריע און די באדייטונג פון די ימים־טובים. עס זענען אויך געפייערט געווארן וויכטיקע געשעענישן אין יידישן לעבן: ד"ר הערצלס יארצייט, דאס באקומען די באלפור־דעקלאראציע, דאס בויען דעם העברעישן אוניווערזיטעט אויפן הר הצופים א. א. חמשה עשר בשבט האבן מיר פארקויפט ארץ־ישראל פירות און געזאמלט געלט פאר קרן קיימת לישראל און קרן היסוד.

די הויפטארבייט אונזערע איז געווען: איינפלאנצן אין דער יוגנט ליבע צו ארץ־ישראל. דורך ווערטער און געזאנג האבן מיר דאס געטיען. מיר פלעגן זינגען העברעישע און יידישע בענקשאפטס־לידער וועלכע האבן געצויגן, געשלעפט אהין אין לאנד אריין:

בעסער ב׳פאלעסטינע גאסן צו קערן

איידער אין פוילן מיניסטער צו ווערן...

פריי, פריי, פאלעסטינע פריי —

פריי, פריי, פאלעסטינע פריי!

די ליבע צו ארץ־ישראל האט טיף איינגעווארצעלט אין אונזער הארץ און ווען מיר וואלטן דעמאלט געהאט די מעגלעכקייט (סערטיפיקאטן) וואלט א וודאי׳ די גאנצע יוגנט פון בייטש דא געווען מיט אונז צוזאמען...

פון צייט צו צייט פלעגן קומען קיין בייטש חברים פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע פון גארליץ און יאסלא און האבן געהאלטן פאר אונז רעפעראטן וועגן ציוניסטישע געשיכטע אין ארץ־ישראל מיר האבן געשלינגען יעדעס ווארט. און ווער שמועסט ווען עס איז געקומען עמיץ פון ארץ־ישראל איז אונזער פרייד געווען אין לשער, מיר האבן אים באשיט מיט פראגן און נישט מיד געווען צו הערן אים. ביז שפעט אין דער נאכט זענען מיר געזעסן מיט אים און געהארכט, געהארכט מיט חרדת־קודש און געקוקט אויף אים מיט קנאה: ער קומט פון דארט...

בכדי אונזער ביבליאטעק זאל זיך פארגרעסערן האבן מיר געשאפן א דראמאטישן קרייז פון אמאטארן און מיר האבן געגעבען פארשטעלונגען, פאר דער הכנסה וואס די פארשטעלונגען האבן אריינגעברענגט האבן מיר צוגעקויפט ביכער, אזוי אז אונזער ביבליאטעק האט געהאלטן אין איין וואקסן. צוויי מאל א וואך האט מען געקענט טוישן די ביכער. (איך בין געווען ביבליאטעקארין א לאנגע צייט און אין טאג פון מיין חתונה האבן מיר די מיטגלידער פון פעריין געברענגט א מתנה, דעם ערשטן באנד פון פיעטרושקא׳ס ענציקלאפדיע מיט אט די דעדיקאציע:

„פאר אונזער לאנגיעריקער איבערגעגעבנע מיטגלידערין און

געטרייע ביבליאטעקארין צום טאג פון איר חתונה „דרשה געשאנק״.
(איך האב אויך פאר מיין ארבעט פאר קרן קיימת באקומען א דיפלאם:
דריי ביימער זענען געווארן געפלאנצט אויף מיין נאמען אין יער
הערצל אין יאר תרפ״ט).

די ציוניסטישע יוגנט אין בייטש האט אויך אויסגעפירט פאר־
שידענע סאציאלע ארבעטן: אומגעגאנגען מיט קראנקע, וואך געווען
ביי קראנקע גאנצע נעכט, ווען די בני־בית האבן דאס נישט געקענט
טוען — מיר האבן דערלאנגט מעדיצין, א טרונק און אפילו א נאכט־
כלי דערלאנגען האבן מיר זיך נישט זשענירט. און, אז עס זענען
צוגעקומען אין שטאט ארימעלייט, האט דער פרעזעס פון דזשוינט,
ר׳ חיים שלמה איצינגער הי״ד אונז געשיקט זאמלען געלט ביי די
בעלי־בתים, וואס האבן זיך פארפליכטעט צו צאלן א מאנאטס־אבצאל
פאר די ארימע מענטשן. מען האט געמאכט א קוך פאר ארימע, ווו
מען האט געטיילט עסן און קאקאו — האבן מיר דארטן געהאלטן די
ארדנונג: מיר האבן אכטונג געגעבן אז יעדער איינער זאל באקומען
זיין טייל און אז עס זאלן נישט זיין קיין באעולהטע. האט מען
געדארפט זאמלען געלט אויף אן אנדערן נויטיקן צוועק האבן מיר
אויך דאס אויסגעפירט. אמאל זענען מיר: איך און רבקה ראב הי״ד
אריינגעקומען צו א באקאנטן גביר זאמלען פארן דזשוינט — דער
גביר האט אונז חושד געווען אז מיר ווילן דאס געלט נעמען פאר
קרן קיימת נאר מיר קומען הינטערן מאנטל פון דזשוינט... ער האט
אונז אנגעשריבן אויספרעגן ווער עס האט אונז געשיקט און אזוי
כסדר ביז ער האט צום סוף, געזאגט, אז ער וועט דאס געלט שוין
אליין אוועקטראגן צום פרעזעס... די האנדלונג פונם דאזיקן גביר
האט אונז זער אויפגערעגט און מיר זענען אוועק צום פרעזעס,
אוועקגעגעבן די קבלות און געזאגט: אויב מען קען אונז, וואס מיר
טוען אלץ על מנת לא לקבל פרס, חושד זיין, אז מיר נעמען פאר
קרן קיימת, געלט, וואס איז באשטימט פאר אן אנדערן ווילטעטיקן
צוועק, ווילן מיר מיט דעם נישט האבן צו טוען. דער פרעזעס האט
אונז געבעטן ווייטער צו טוען די ארבעט: ער וועט געוואר ווערן
וואס עס איז געווען, מן הסתם עפעס א מיספערשטענדעניש... ער

וועט זען, אז די זאך זאל אויפגעקלערט ווערן. דער גביר האט זיך טאקי שפעטער פארטיידיקט: ער האט פונקט נישט געהאט קיין געלט, און ווען ער האט שוין יא געהאט האט ער אונז נישט געזען און דערפאר עס אליין איבערגעבן דעם פרעזעס. אדרבא, ער פארזיכערט. אז מען וועט צו אים קומען נאכאמאל וועט ער אונז געבן בסבר פנים יפות — אבער מיר זענען צו אים מער נישט געגאנגען.

צו די טעטיקסטע אין „פאריין" האבן געהערט: חוה ראב, רבקה ראב, איידל זיסקינד הי"ד, חנה קריגער (שאכנע) פייגע ציגנער, חנה שטערנליכט (אמעריקע), דבורה סאמועל (ישראל) פעסל רעע־שנאפס ע"ה (פאריז).

אין אונזער ארבעט האבן די עלטערן אונז א סך געשטערט. זיי האט נישט געפאסט אונזער אויפפירונג. עפעס א קלייניקייט? יינגען מיט מיידן קומען זיך צוזאמען, פארברענגען גאנצע אוונטן אין הוללות — זינגען און טאנצן. זיי האבן פון דעם שטארק געליטן, זיי האבן געהאלטן אז מיר מיט אונזער „פאריין" פארשאפן זיי בושה... זיי האבן זיך באמיט מיט אלע מעגלעכקייט צו נישט צו מאכן אונזער ארבעט. מען קען זיי אבער אויך נישט באשולדיקן — אונזערע עלטערן, וואס זענען געווען ווייט פון יעדער פראגרעס, האבן זיי געפילט, אז מיר פארשווארצן זיי זייער פנים מיט אונזער האנדלונג.

פאר דער יוגנט אין בייטש איז דער „פאריין" געווען דאס איינציקע פארוויילונגס־ארט. מיט אומגעדולד האט מען געווארט אויפן אוונט, ווען די קראמען פארמאכן זיך, אלע האבן דאך געארבעט אין די געשעפטן ביי די עלטערן, אז מען זאל זיך קענען צוזאמענקומען אין פאריין. א סך זענען געקומען מיטן וויסן פון די עלטערן אבער מיינסטען אן זייער וויסן... און נישט איינמאל איז געקומען א טאטע אדער א מאמע אין פאריין אריין זוכן זייער טאכטער אדער זון, אבער איידער זיי האבן נאר באוויזן צו עפענען די טיר איז שוין דער געזוכטער ארויס דורך א צווייטע זייט... און ווען דער טאטע אדער מאמע זענען אהיימגעקומען האבן זיי שוין זייער קינד געטראפן אין שטוב.

ווי שוין דערמאנט, האבן מיר געמאכט פארשטעלונגען. אפטמאל ווען עס איז געווארן פינסטער און די פארהאנג האט זיך געעפנט האבן זיך ארייגעכאפט די עלטערן פון די „ארטיסטן" א קוק טוען אויף זייערע קינדער און דאכט זיך, אז זיי האבן אליין א הנאה געהאט... און ווען עס איז געווארן צוריק ליכטיק, זענען זיי פאר־שוואונדן. די יוגנט האט אבער אויך געוואלט טאנצן. און מאכן א טאנץ־אוונט אין בייטש, וואלטן זיך אודאי הימל און ערד צוזאמענ־געפאלן... מילא, צו די פארשטעלונגען האבן זיך די עלטערן כמעט שוין צוגעוווינט. אבער טאנצן ייגנען מיט מיידן? זענען מיר געפאלן אויף אזא המצאה: ווי נאר די פארשטעלונג האט זיך געענדיקט, האט מען אויף שנעל אוועקגענומען די בענקלעך, די כלי־זמר האבן אנגעהויבן שפילן און מיר האבן געטאנצט.

מיט דער צייט זענען די עלטערן געוואר געווארן דעם סוד. זיי האבן געמאכט צווישן זיך אספות, מען האט זיך באראטן וואס צו טוען בכדי משפיע צו זיין אויף די קינדער אז זיי זאלן מער דאס נישט טוען. זיי האבן געפרווט ביים בעל־הבית ער זאל צוריקנעמען דעם לאקאל און ער זאל אונז די דירה מער נישט פארדינגען...

אז מיר האבן געזען, אז אונזער סוד איז אנטפלעקט געווארן און מען וועט דארפן קעמפן פאר די זאך. האבן מיר באשלאסן מער נישט צו גיין דורך קרומע וועגן: צוערשט א פארשטעלונג און דערנאך טאנצן אפאר מינוט, און מיר האבן באשלאסן צו מאכן טאנץ־אוונטן און מיט דער צייט האט זיך דאס אויך איינגעבירגערט. געווען אפילו א טאטע א ווייצלער וואס האט געזאגט: מילא דאס טאנצן יאק דאס טאנצן — אבער דאס אפקילן זיך...

מיר האבן אזוי ווייט פראגרעסירט, אז מיר האבן אפילו אויס־געוויילט א שיינהייט־קעניגין אין בייטש. נישט געמאסטן און נישט געוויגן און נישט אין א באד־קאסטיום האבן מיר אויסגעוועלט אונזער קעניגין. נאר ווער עס האט געהאט דאס שענסטע פנים. ווער עס האט געהאט א מיינסטן אדאראטארן דורך אויסקויפן צעטלען די איז געווארן קיניגין. און דער פרייז פאר דער אויסגעוויילטע איז געווען א באנבאניערע אדער א בוך. און בייטש האט געהאט שיינע

מיידלעך — זייער שיינקייט האט געשמט אין דער גאנצער געגנט.

אין שפיץ פון פאריין זענען לאנגע יארן געשטאנען דער פרעזעס ד״ר דאניעל מיט זיין פרוי. זיי האבן אפגעגעבן א סך כוחות. און אין זייער צייט איז דער פאריין געשטאנען אויף א גאר הויכן ניוואָ.

מיר האבן געהאלטן א באצאלטן שמש, וואס האט געהיטן דעם לאקאל אז ער זאל זיין ריין, געפּוצט, אנגעצינדן די ליכט און באזארגט די צייטונגען.

הארט פאר דער צווייטער וועלט מלחמה איז געווען פרעזעס פרוי נויפעלד, די פרוי פון אן אדוואקאט. זי איז געווען זער א לעבע־דיקע און א פעיקע, און מיט דער מיטהילף פון דער יוגנט האט מען איינגעארדנט פארשידענע פארוויילונגען און אימפּרעזעס. מען האט שטארק אנטוויקלט די ביבליאטעק טעטיקייט אריינגעברענגט די נייעסט־דערשינענע ביכער און מיר האבן פיל געארבעט פאר קרן קיימת. פאר אונזער אינטענסיווער ארבעט האט בייטש באקומען צוגעטיילט א סערטיפיקאט ביז דעמאלט האט דאס בייטש נישט באקומען, נאר די גרעסערע שטעט. אונזערע עלטערן האבן גערן געגעבן אויף אלע צוועקן, נאר נישט פאר „קרן קיימת״ זיי האבן געטענהט אז משיח וועט קומען וועלן מיר אלע קומען קיין ארץ־ישראל... אזוי אז דער „קרן קיימת״ איז אן איבריגע זאך.

דער פאריין איז אויך צייטנווייז געווען א שדוכים־ווינקל — דארט ווו עס קומט זיך צוזאמען יוגנט, מיידלעך מיט יינגלעך, שאפן זיך סימפאטיעס און פון סימפאטיעס פארלעך, און פון פארלעך משפחות. ווען א פארל האט חתונה געהאט האט עס באלד פארלאזט דעם פאריין. כמעט אלע מיידלעך וואס מען האט זיי צוגעדעקט דעם קאפּ, האבן אויסגעפירט די מצוות וואס מען האט אויף זיי ארויפגעלייגט, געפירט א הונדערט־פראצענטיגע יידישע קוך און אן ענלעך פאמיליע־לעבן ווי זייערע עלטערן.

זומער צייט האט די יוגנט אין בייטש געהאט נאך א פארוויילונג: די „ראפא״. ראפא הייסט דער טייך וואס שניידט אדורך די שטאט. דעם נאמען האט דער טייך באקומען צוליב דעם וואס אויף זיין אויבערפלאך זענען זיך תמיד פעטע פלעקן פון נאפט־ראפע און



ועד מקומי של ציונים כללים בבייטש.

יושבים מימין לשמאל: יהושע בליק הי״ד, גב׳ ד״ר נייפלד ז״ל, דבורה וינפלד-סמואל (ירושלים).

עומדים: יעקב גולדפינגר הי״ד, פסיל רעעה ז״ל, שלום גולדפינגר (חיפה) איידל ויסקינד הי״ד, אברהם קורץ (אמריקה)

שימערירן מיט פארשידענע קאלירן ווען די זון שלאגט זיך אן אין זיי. די פלעקן קומען פון די נאפט־גרובנס וואס געפינען זיך נישט ווייט פון בייטש.

ביי דער ראפא האבן מיר פארברענגט די הייסע זומער־טעג. אויך צו באדן זיך איז דארט געווען א באזונדערער פלאץ פאר פרויען און א באזונדערער פאר מענער. געשמועסט האט מען, אז די „ראפא" פארלאנגט יעדעס יאר א קרבן... און פריער, איידער מען האט געהערט, אז דער טייך האט שוין זיינס באקומען — האבן אונזערע עלטערן אונז נישט געלאזט גיין באדן זיך... איין מאל, האבן מיר געהערט, אז א פערד איז דערטרונקען געווארן, האבן מיר זיך געקליבן גיין באדן. דער טייך האט שוין זיין קרבן געהאט — אבער אונזערע עלטערן האבן נישט דערלויבט: „דער קרבן דארף זיין א מענטש" האבן זיי געטענהט... און זיי זענען גערעכט געווען, ווייל אין א פאר טעג ארום איז דערטרונקען געווארן א קריסט. די קרבנות וואס די ראפא האט פארציקט זענען כמעט געווען נאר קריסטן. אפשר איז דאס געווען דערפאר וואס זיי האבן זיך נישט גערעכנעט מיט דעם?!...

איך וויל אויך דערמאנען צוויי קריסטן וואס האבן געשפילט א וויכטיקע ראלע אינם יידישן לעבן פון בייטש. איינער א גוטער גוי, וואס האט געשטאמט פונם פראסטן המון — דער וואסערטרעגער, און איינער אן אינטעליגענט און אן אנטיסעמיט בלב ונפש — דער אפטייקער.

דער וואסערטרעגער האט געהייסן אנטעק. אבער גערופן האט מען אים „אנטעק פיערון" (פיערון הייסט א דונער אויף פויליש), ווייל ער פלעגט אריינפאלן אין די שטובן ווי א דונער, מיט רעש און געפילדער. ער האט געהאט אזא שרייעדיק קול אז אלע האבן זיך געשראקן ווען ער האט געעפנט זיין פיסק. אבער אין אמתן האט ער קיינעם קיין שלעכטס נישט געטוען. ער האט זיך א גאנצן טאג ארומגעדרייט איבער דער שטאט מיט די „נאשעס", דאס איז אזא מין אויסגעקרומטער שטעקן וואס איז אים געלעגן אויף די אקסלען און פוןביידע זייטן האבן זיך אויף קייטן נאכגעבאמבלט צוויי קאנען.

מיט די קאנען האט ער פון די ברונעמער ביים מאגיסטראט געשעפט וואסער און געליפערט אין אלע שטובן, ער האט געוווסט געגוי ווו מען דארף מער וואסער און ווו ווייניקער... ווער עס האט א סך קינדער, ווי מען גרייט זיך צו וואשן וועש א.א.וו. ער פלעגט אריין אין קוך, נישט געפרעגט ביי קיינעם, און אריינגעקוקט אין פעסל אריין: צי דארף מען שוין וואסער צו קען נאך א ביסל ווארטן...

ערב פסח און די פסח־טעג האט מען מיט אים מיטגעשיקט א שליח ביז צום ברונעם, עס זאל חלילה נישט אריינקומען עפעס חמץ אין וואסער... א חוץ דעם האט מען ערשט אין שטוב אדורכ־געזייעט דאס וואסער דורך א געדיכטער לייוונט — „אנטעק פיערון" איז אויך געווען דער שבת־גוי פון שטעטל. ער פלעג איינהייצן די אויוונס, פארלעשן די לאמפן און טוען נאך פארשידענע מלאכות. וואס א ייד טוט נישט אום שבת... „נאווירא‌ק" (קריסלעך ניי־יאר) פלעגט ער אריינקומען צו זיינע קונים און זיי אנווינשן א גוט יאר און באקומען עפעס אין דער האנט אריין. איך געדענק נאך זיין ווינשאוואניע: „צו מזל צו געזינט און יעדעס יאר א קינד"...

דער אפטייקער, האט פיינט געהאט יידן בתכלית השנאה, ער איז געווען אן אפענער אנטיסעמיט — ער האט געפרעדיקט אז יידן האבן נישט קיין פלאץ אין פוילן... הײַנט אז מיר האבן שוין אן אייגן לאנד זע איך מיט אנדערע אויגן זיין אנטיסעמיטיזב — ער האט געהאלטן אין איין טענהן: נעמט אייך אייער האב און גוטס און גייט זיך אין אייער לאנד אריין...פארוואס וואלט איר דוקא זיין דארט ווי מען האט אייך נישט ליב, ווי מען פארלאנגט אייך נישט? אין פרינציפּ איז ער אוודאי גערעכט געווען. זיכער איז נישט ריכטיק צו זיצן אין דער פרעמד. מען האט אין ערגיץ נישט ליב קיין פרעמדע נישט דוקא יידן. אז מען האט אונז אין פוילן נישט פארלאנגט האבן מיר געפילט אויף יעדן שריט — אבער וואס האבן מיר געקענט טוען? עס איז נישט געווען ווו צו גיין, אפילו ווען מיר וואלטן געוואלט פארלאזן פוילן. איבעראל זענען די טויערן געווען געשלאסן פאר אונז און קיין אייגן לאנד האבן מיר נישט געהאט. איך בין זיכער. ווען מיר וואלטן געהאט הארט פאר דער צווייטער



נוער ציוני בבייטש עם הסופר דניאל פרסקי.

וועלט־מלחמה די מדינת ישראל, וואלט א וודאי דער רוב יידן פון פוילן זיך געפינען אין לאנד... איך ווייס נישט צו עס וואלט בכלל געהערשט אזא אנטיסעמיטיזם אין פוילן ווען מיר האבן טאקי־יא ווו צו גיין — אן אייגן לאנד.

די שנאה פון דעם אפטייקער צו יידן איז געווען אזוי גרויס, אז אפילו ווען ער האט פארקויפט א מעדיצין און מען האט אים געפרעגט צו זי איז א גוטע האט ער נישט געקענט ביי זיך פועלן אין זאגן — יא. ער פלעגט שטענדיק ענטפערן מיט א ווערטל עס זאל ווי טיען... איך דערמאן זיך א פאקט: איינמאל בין אין אוועק אין אפטייק קויפן א מעדיצין פאר מיין ברודער, יצחק הי״ד, וואס איז קראנק געווען. ביים נעמען די רפואה האב איך געפרעגט דעם אפטייקער צו די מעדיצין איז א גוטע, צו זי וועט העלפן? האט ער מיר געענפערט: א מעדיצין דארף אין אמתן העלפן צוויי מענטשן — איינעם העלפט זי זיכער און דעם צווייטן אבער יא אדער ניין... דעם וואס זי דארף זיכער העלפן, האט זי שוין געהאלפן — איך האב שוין דאס געלט אין קעשענע! און דעם צווייטן איז שוין נישט וויכטיק צו זי וועט העלפן. זיין הארץ האט אים נישט געלאזט זאגן א גוט ווארט פאר א ייד הגם זיין הויפט פרנסה האט געשטאמט פון יידן.

פיר קינדער האט ער געהאט דער אפטייקער צוויי זענען ביי אים געשטארבן מיט אן אומנאטירלעכן טויט. איין קינד האט אויס־געטרינקען סם און דאס צווייטע איז דערהרגעט געווארן בעת עס איז געגאנגען שפאצירן מיט זיין „באנע״. אמאל איז די „באנע״ מיט דעם קינד געגאנגען שפאצירן אויף א פלאץ ווו עס איז געלעגן א שטויס ברעטער. קליינע קינדער האבן זיך דארטן געשפילט. היות ווי דעם אפטייקערס קינד האט געזען, אז קינדער שפילן זיך איז ער אויך צוגעגאנגען זיך שפילן — און ווי נאר ער איז צו געקומען האט דער שטויס ברעטער זיך צעשיט און דערהרגעט דאס קינד אויפן ארט. קיין שום אנדער קינד האט נישט געשאדט. אין דעם האבן אלע געזען אן עונש מן השמים, פאר דעם אפטייקער, צוליב זיין שנאה צו יידן. זיין פרוי איז דוקא געווען א פיינע און אן איידעלע, געווען אויך קעגן איר מאנס אנטיסעמיטיזם, אבער וואס האט זי געקענט טוען? אבער

אז זי האט געזען ווי איין אומגליק שלעפט זיך דאס צווייטע האט זי אים געבעטן רחמים, ער זאל אבלאזן זיין יידן־שנאה, ווייל דער גאנצער אומגליק קומט אויף זיי צו ליב זיין שנאה צו יידן. זעסט דאך, האט זיך געטענהט צו אים, אז גאט שטראפט אונז צוליב דעם. האב רחמנות אויף די רעשט קינדער. דאס האט געפועלט אויף א צייט און ער האט עפענטלעך נישט געפרעדיקט זיין שנאה. אבער אין הארץ האט ער זי ווייטער געטראגן און זי אפילו איבערפלאנצט אין זיינע קינדער: און זיין זון איז טאקי שפעטער געווארן דער אנפירער פון די „פיקעס״ אין שטעטל.

דער אפטייקער זעלבסט, האט זיין שטראף באקומען ווען די דייטשן זענען אריין קיין בייטש. זיי האבן אים פון די ערשטע אוועק־געשיקט אין קאנצענטראציע־לאגער און אין א קורצע צייט ארום האט די פאמיליע זיינע דערהאלטן א קעסטעלע אש...

כן יאבדו!

---

# השואה

## סיפורי אימים

מיום פרוץ המלחמה העולמית השניה
ופלישת הנאצים לבייטש

כתוב בידי

יהודה לייב בלום



# ר׳ יהודה לייב בלום הי״ו

(ספור חיים מימי השואה במאורת הצפעונים הנאצים).

כדי לתת תאור מחיי ההשפלה והעלבון שעברו על ר׳ יהודה לייב בימי השואה ושלטון העריצים הנאצים, יש צורך להיות בעל כושר ביטוי מיוחד ויכולת ספורית יוצאת מגדר הרגיל. לתאר את מעשה האימים והזוועה יש צורך בכשרונות בטוי כמשורר הזוועה דאנטה. או כמשורר — ״משא נמירוב״ — ר׳ חיים נחמן ביאליק ז״ל.

מנסים אנו בעטנו הדל לספר ספור פרוזאי את אשר עבר על ר׳ לייביש בלום, את עינוייו ותלאותיו בימי השואה עד הגיעו לרגעי השחרור המאושרים.

גבור העלילה — ר׳ לייביש בלום, היה בתקופה ההיא דמות טרגית, גופו גוף חלש. נרדף ונסחף יום ולילה ללא הרף. לא פעם ולא פעמיים עמד על עברי פי פחת וראה את המות לנגד עיניו, ובכל זאת ניצל תמיד ברגע האחרון בדרך נס יוצא מהכלל.

לא יאומן, שבמשך שתי שנים ומחצה ישבו ובילו. הוא, אשתו ובתו היחידה בבונקר אפל וטחב בלי אור ואויר, כמעט ללא מזון. האם לזאת ייקרא הצטיינות בגבורה עילאית ואומץ רוח? אי אפשר לצייר דבר כזה במוחו של אדם.

יצר החיים העקשני והאינסטינקט הבריא של ר׳ לייב שידע והבין לכוון את כל תנועותיו ולהתחמק תמיד מן הרודפים האויבים בנפש האורבים לנפשו ודמו.

כמעט בכל רגע ורגע, היה עלול ע״י תנועה בלתי מוצלחת ליפול בפח ולסכן את חייו וחיי בני ביתו ורק ע"י זהירות ועירנות יוצאות מהכלל הציל את נפשו ונפש ביתו.

פולני נוצרי אחד מידידיו בבייטש — מחסידי אומות העולם — נתן לו מקלט בביתו במחבוא נעלם מעין כל, ודרך חור קטן הושיט לו את מנת המזון הזעומה מדי יום ביומו.

ככה המשיכו את חייהם הנוראים במשך שנה וחצי, אך פתאום נודע הדבר ויצא הסוד לשכנים והללו הלשינו על הפולני הנוצרי שבביתו נמצאת משפחה יהודית. אך עוד טרם שבאו הגיסטאפו לתפוס אותם, הצליחו ר׳ לייב ומשפחתו לברוח באישון לילה למחבוא אחר. מאחר שלא נמצא המבוקשים, לקחוהו – מתוך נקמה – את הפולני ושמו אותו במאסר, אחרי ימים מועטים הוציאוהו להורג.

אחרי זמן מועט, שישב ר׳ לייב במחבוא חחדש, קרה לו אסון נורא: בגלל החשך והאפלה ששרר בפנים - היה הבונקר מואר ביום בפנס של נפט, כאשר מישהוא טיפל בפנס, נפל ונשבר והנפט נשפך על בגדיה של אשת ר׳ לייב, התלקח והבעירה ונכוותה בגופה. אחרי זמן קצר, מתה — מתוך יסורים נוראים — אשתו ע״ה, כרה לה קבר בו במקום ושהה שם עם הבר־מינן עוד כתשעה חדשים עד השחרור ואז הביא אותה לקבר ישראל בבית העלמין שבבייטש.

ר׳ לייב נ״י רשם וניהל יומן על כל הסבל, המאורעות והנעשה בכל יום ויום שעבר על בייטש מיום חדרו הנאצים שם. אנו מביאים בזה את כל היומן במלואו וכלשונו של ר׳ לייב.

ר׳ לייב ובתו שושנה זכו לעלות לארץ, מצאו כאן פרנסתם, מנוחה ונוחם פורתא על כל הצרות האיומות שעברו עליהם, בתו התחתנה והקימה משפחה לתפארת. בעלה ר׳ יוסף שיינמן נ"י הקים בית דפוס והוא מכובד בין שכיניו, ידידיו ובין קהל החסידים של תל־אביב.

אנו מברכים את ר׳ לייב ומשפחתו שימשיכו בבריאות ובאריכות ימים ורוב נחת מצאצאיהם.

וד׳ שב את שבותו ויברך את אחרית ימיו מראשיתו...

ה מ ע ר כ ת

# ביַיטש אונטער דער אבזריותדיקער הערשאַפט פונם נאַצישן רעזשים.

### א קאַפּיטל טרויעריקע זכרונות פון 1.9.1939
### ביז צום אונטערגאַנג פון יידישן ביַיטש

געשריבן פון

## יהודה לייביש בלום

ביַיטש איז א שטעטל אין מיטל־גאַליציע, וואָס ליגט צווישן גאָרליץ אין יאַסלאַ. אין אמתן איז דאָס אַן אַלט שטעטל, וואָס ציילט א סך הונדערטער יאָרן, אָבער יידן איז דערלויבט געוואָרן זיך דאָרט צו באַזעצן ערשט מיט 150 יאָר צוריק. דער ערשטער ייד וואָס איז געקומען קיין ביַיטש זיך באַזעצן, איז געווען ר׳ פנחס תאומים־פרנקל, פון ברעסלאַ. און פון אים שטאַמען אָפּ די משפחות: בליק, גאָלדבערג, זיסקינד, שפילמאַן, וואַגשאַל, בלום, גרינפעלד און גאָלדפינגער.

די יידן אין ביַיטש האָבן זיך, פאַרהעלטנישמעסיק, געפונען אין א גוטן מאַטעריעלן מצב. אַזוי אַז ווען עס איז אויסגעבראָכן די גרויסע שריפה, אין יאָר 1904, און דאָס שטעטל, וואָס איז כמעט ווי אָפּגעברענט געוואָרן אינגאַנצן — איז צוריק אויפגעבויט געוואָרן אין א קורצער צייט. עס האָט גאָר־נישט לאַנג געדויערט, און אויף דעם אָרט פון די אָפּגעברענטע הילצערנע געביַידעס, זענען געשטאַנען נייַע הייַזער: בעסערע און שענערע. אין די מלחמה־יאָרן פונם ערשטן וועלט־קריג 1914־1918 האָבן די יידן געליטן וויַניקער ווי די אַרומיקע שטעט. נאָך דער מלחמה האָט דער דזשוינט א סך געהאָלפן די נויטבאַדאַרפטיקע — אויך דער ביַיטשער פאַריין אין אַמעריקע איז נישט געשטאַנען פּודערוויַיטנס, נאָר פיל צוגעהאָלפן. אינם יאָר 1924 האָט מען אין ביַיטש אויפגעשטעלט אַ שיינע תלמוד־תורה־

געביידע, אין וועלכער עס האט זיך אויך געפונען א בית־המדרש און א פאלקס־באנק וואס האט געבארגט געלט יעדן איינעם. די דאזיקע געביידע איז אויפגעשטעלט געווארן מיט דער הילף פון די בייטשער יידן, אַמעריקאַנער פאַריין און פון די שפענדן פון מאַניע גראָס ז״ל אין אַמעריקע. פון אירס אַ שפענדע האָט מען אויך געגרינדעט א גמילות־חסדים־קאַסע, וואס האָט אויסגעבאָרגט געלט אָן פּראָצענט.

אין בייטש זענען אויך געווען פערזענלעכקייטן, וואס א גרויסע שטאט אפילו האט זיך נישט געדארפט שעמען מיט זיי — אבער דאס באשרייב איך נישט. ר׳ פנחס וואגשאל, פון רמת־גן, דער זון פון ר׳ מרדכי וואגשאל ז״ל, האט זיך שוין אונטערגענומען דאס צו טאָן. איך וויל נאר איבערגעבן דאס, וואס עס איז פאָרגעקומען צייט דעם אויסברוך פונם קריג 1.9.1939 ביזן אונטערגאַנג פון אונזער קהלה און אומגעגנד, וואס האט געציילט ביז 120 משפחות — צירקא 700 נפשות.

## די ערשטע טעג פון דער מלחמה

פרייטיק, י״ז אלול תרצ״ט (1.9.1939) זעקס אזייגער אינדערפרי איז אויסגעבראָכן די מלחמה. עס האָט זיך געשאפן א פאניק — און אין אָוונט, ווען אלע יידן אין שטעטל זענען זיך צוזאמענגעקומען אין די בתי־מדרשים, אגב דאס לעצטע מאָל, צו קבלת שבת, האָט מען צווישן מנחה־מעריב און אויך נאָכן דאַווענען לאַנג לאַנג ארומגערעדט וועגן דער לאגע. געווען אזעלכע וואס האבן דערציילט, וואס זיי האבן געהערט, אז די פוילישע קאַוואַלעריע איז אריין קיין אָסט־פּרייסן. אנדערע האָבן דערציילט, אז די פוילישע אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט קיין סלאָוואַקיע. די שמועסן האבן זיך געשלעפּט ביז שפּעט איך דער נאַכט אריין. און פלוצים, אַ זייגער עלף ביי נאכט, איז דאס שטעטל אלארמירט געווארן: די דייטשן רוקן פארויס, אט זענען זיי דא — דאס שטעטל איז באַדראָט. די רעגירונגס־אמטן האבן זיך גענומען רוימען. מען האט געמיינט, אז די דייטשן זענען שוין נאָנט נעבן אונז, ווייל פון דער סלאָוואקישער גרעניץ, דורך וועלכע דער דייטש קען פריי

אדורכמאַרשירן, איז סך־הכל 30 קילאָמעטער. אַזוי יידן האָבן אנגעהויבן לויפן קיין מזרח־גאַליציע — אָבער נאָך צוויי טעג זענען זיי צוריקגעקומען, ווייל פאַקטיש זענען די דייטשן אַריין קיין גאַליציע דורך נאָוויטאַרג (ניימאַרק).

במשך פון איין וואָך צייט, פון דעם 1־טן ביזן 7־טן סעפטעמבער זענען דורך בייטש אַדורכגעגאַנגען טויזנטער פּליטים: יידן און פּאָלאַקן. אַלץ האָט געצויגן קיין מזרח־גאַליציע. מערסטנטייל זענען דאָס געווען מענער, ווייל דער פּוילישער ראַדיאָ האָט אויפגעפאָדערט אַלע מענער, אַז זיי זאָלן נישט בלייבן מיט די דייטשן.

## די ערשטע צייטן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע

דאָנערשטיק, דעם 7.9, איין וואָך נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, האָט דאָס פּוילישע מיליטער געענדיקט זיין „ריקצוג" — און ביינאַכט זענען די דייטשן אַריין קיין בייטש. קיין שום ספּעציעלע איז נישט פאָרגעקומען ביי זייער אַריינמאַרשירן. קיין שלאַכטן זענען נישט פאָרגעקומען און די דייטשן האָבן בליץ־שנעל מאַרשירט ווייטער, אַזוי, אַז זיי האָבן ממש דעריאָגט די אַנטלאָפענע יידן — און זיי זענען צו ביסלעך אין גרויס שרעק צוריקגעקומען קיין בייטש. און די יידן וועלכע עס איז געלונגען צו לויפן ווייטער — זענען אַריינגעפאַלן צו די רוסן, וואָס האָבן אין דער צווייטער העלפט סעפטעמבער אַריינמאַרשירט קיין מזרח פּולין און אין גאַליציע איז געבליבן די גרעניץ דער טייך „סאַן".

## די ערשטע קרבנות

אין דינוב (ניט ווייט פון פּשעוואָרסק) זענען אַריינגעקומען אַ סך יידן־פּליטים פון פאַרשידענע ערטער. ראש־השנה ת"ש ביינאַכט, האָבן די דייטשן צונויפגענומען 170 יידן (מענער), זיי אוועקגעפירט אין וואַלד און זיי אויסגעשאָסן. נאָך גרויסע אינטערווענצן ביי דער געסטאַפּאָ (דייטשע געהיימפּאָליציי) איז געלונגען אַרויסצובאַקומען אַ דערלויבעניש אויף צו ברענגען די קדושים הי"ד צו קבר ישראל.

**פון די פאַפּירן וואָס מען האָט געפונען ביי די דערשאָסענע יידן האָט מען געוווסט ווער זיי זענען און ווי זיי הייסן — צווישן זיי זענען געווען צוויי בייטשער יידן: אַנשל לעזער ז״ל, דער איידעם פון ר׳ אליעזר גאָלדבערג ז״ל; און שלמה אייזנבערג ז״ל, דער איידעם פון ר׳ זיינוויל בארגעניכט ז״ל. ביים ברענגען די קדושים צו קבר־ישראל איז אָנוועזנד געווען אלתר אלישע וויינבערגער ז״ל פון בייטש, דער זון פון ר׳ מענדל וויינבערגער ז״ל.**

## אפגעקומען מיט שרעק

**אין דער צייט פון סעפטעמבער 1939 ביז פעברואר 1940 איז מען אפגעקומען בלויז מיט שרעק. עס זענען פארגעקומען כסדרדיקע רעווי־זיעס (מען האט געזוכט באהאלטענע סחורות), זיי האבן געצווינגען צו אומנויטיקע ארבעט, פריוואטע און מיליטערישע. געווען אויך פאלן פון אָפּשניידן בערד. א סך בייטשער יידן האָבן זיך אָנגעטאָן פויערישע קליידער, מען זאל זיי נישט דערקענען, ווען זיי האבן געמוזט גיין אין גאס אריין — און די יידן, וואס האבן זיך געקענט דערלויבן צו זיצן אין שטוב זענען בכלל נישט ארויס.**

**א סך, פון די יידן, וואָס זענען געהאט אנטלאָפן פון בייטש און זיך שפעטער אומגעקערט — זעענדיק ווי די לאגע ווערט ערנסט זענען צוריק אוועקגעלאָפן. זיי האבן געשווארצט די גרעניץ (דורך סאנאָק) און אריבער אויף דער רוסישער זייט — ד. ה. קיין מזרח גאליציע.**

**צווישן 15 און 20 סעפטעמבער, האָבן די דייטשן ארויסגעטריבן פון לאָדזש, צוויי גאסן נישט־פארמעגלעכע יידן און זיי געברענגט קיין יאסלאָ, גאָרליץ און בייטש. די בייטשער יידן, א גאנץ קליינע צאל, וואס האבן געהאט פרנסה, זענען געווען געצווונגען אויסצוהאלטן אויף די לאָדזשער פליטים.**

## דער מגן־דוד

אין מערץ 1940 איז ארויס א באפעל, אז אלע יידן: מענער, פרויען און קינדער פון 12 יאר אן, מוזן טראָגן אויפן ארבל א ווייסן באנד מיט א בלויען מגן־דוד, כדי מען זאָל דערקענען ווער עס איז א ייד... צום גליק זענען אין דער צייט, אין דער שטאָט קיין געסטאפא און ס. ס.־לייט (היטלערפארטיי מענטשן) נישט געווען. און די זאך איז נישט געווען אזוי שטרענג. די געוועגלעכע דייטשע פאליציי איז געקומען אין שטאט אריין איין מאל אין דער וואך. ביי זייער קומען האָט געהערשט א פיינלעכע שטימונג: זיי פלעגן קאנטראלירן די ווייניק איבערגעבליבענע געשעפטן, און געבן שטראַפן. פון צייט צו צייט פלעגן זיך אויך באווייזן די געסטאפא־לייט און דער שטורמפירער׳ (פון ארבעסט־אמט) פון גאָרליץ און פארלאנגען פון יודנראט פארשידענע זאכן — קאווע, וואָס איז זער שווער געווען צו באקומען, אָדער געלט — און דער יודנראט האָט דאס געמוזט צושטעלן אין א קורצער צייט, און דאס איינגעמאנט ביי די יידן.

## דער יודנראט

דער יודנראט איז געווען א מין קהלה. דער אונטערשיד פון אים ביז דער קהלה פון פארן קריג איז באשטאנען אין דעם: די קהלה האָט געהאט די אויפגאבע צי זארגן פאר די יידן — און דער יודנראט האָט געמוזט זאָרגן פאר די דייטשן, ווייל ער איז געשאפן געוואָרן דורך זיי און געמוזט אויספירן זייערע באפעלן. דער יודנראט איז געצווונגען געווען צוצושטעלן יידן צו דער ארבעט, וויפל זיי האבן פארלאנגט איינצומאנען קאנטריבוציעס א.ד.גל. אין דער דאזיקער צייט האָט מען יידן פון אנדערע שטעט געשיקט אין ארבעטסלאַגערן און אין שטראָף־ארבעטסלאגערן. די בייטשער יידן האָט מען אין די לאגערן נישט געשיקט, נאָר זיי האָבן געארבעט אויפן אָרט. דאס

איז געווען א דאנק דעם, וואס דער יודנראט האט געגעבן שוחד דעם ארבעטסאמט אין גאָרליץ.

## דער מצב פון די בתי מדרשים

יום כפור ת״ש (1939) האבן נאך א ביסל יידן געדאוונט אין בית המדרש, הגם עס איז געווען א געפאר. דער רוב האט געדא־ווגט אין עטלעכע פריוואטע שטובן. אין א צייט ארום האבן די דייטשן איבערגענומען די בתי מדרשים — פון בית המדרש האבן זיי געמאכט א מאגאזין, פון דער תלמוד תורה א קינאָ (סינעמא) און די באָד האבן זיי צוגענומען פארן מיליטער.

## פולישע געהילפס־פאַליציי

א סך האָט מען אויך געליטן פון דער פולישער געהילפס־פאָל־ציי (ד.ה. פאָלאקן וואס האבן סימפאטיזירט מיט די דייטשן און געוואָרן זייערע געהילפן) זיי האָבן שיקאנירט און געהאלטן אין איין אויס־פרעסן געלט ביי די יידן.

## א מעשה מיט א פוילישן פאַן

צוויי וואכן פאר פסח (1940) האבן די דייטשן געמאכט גרויסע רעוויזיעס און צוגענומען ביי א טייל יידן א סך לעבנסמיטל. ביי איינער אזא רעוויזיע, האט די דייטשע פאליציי געפונען, ביי ר׳ בצלאל העלער ז״ל, אן אלטן פוילישן פאָן, וואס ער האט געהאט פון פארן קריג. זיי האָבן גענומען ר׳ בצלאלן און די פאָן און זיי געפירט קיין גארליץ, צו דער געסטאפא. פארן ארייַנגיין צו דער געסטאפאָ, האט די פאל־ציי אים געגעבן דעם פאָן אין דער האנט און אזוי האט ער געמוזט ארייַנגיין... וואס דארט איז פארגעקומען קען מען זיך פאָרשטעלן — נאך צוויי טעג איז ער אהיימגעקומען גוט צעשלאָגן און גאָרנישט געוואלט דערציילן... ער האט נאָר געזאָגט, אז די דייטשן האבן אים, פארן ארויסגיין פון געסטאפא געפרעגט,

ווער עס האט אים די ווונדן געמאכט — האט ער געענטפערט, אז ער איז אומגעפאלן און זיך פארווונדעט...

## א טאג פון שיקאנעס

אין מאי 1940 האָבן די דייטשן באלאגערט די שטאָט, געכאפּט א סך יידן און זיי אוועקגעפירט קיין סאנאק אויף ארבעט. אין סאנאָק האָט מען זיי דערקלערט, אז מען דארף נישט קיין ארבעטער. האבן די דייטשן זיי געפירט קיין יאסלאָ און זיי אָנגעטאָן יסורים און חרפות. די דייטשע פרויען, פון די באאמטע, האבן זיך צוגעקוקט, געלאכט און אָנגעקוואָלן פון דעם ספּעקטאקל...

## די האפענונג אויף אן אפענסיווע פון די אליאירטע

די גאנצע צייט, פון אויסברוך פון דער מלחמה ביז מאי 1940, איז מען ארומגעגאנגען מיט דער האפענונג, אז פרילינג 1940 קומט אן אינוואזיע פון פראנצויזן און ענגלענדער און מען וועט מיט אמאָל באפרייט ווערן פון אלע צרות. אבער ווי אנטוישט איז מען געוואָרן, ווען דעם 10 מאי האט דער דייטש אנגעהויבן די גרויסע אָפענסיווע, און אין א קורצער צייט איז האָלאנד, פראנקרייך און בעלגיע געווען אונטער דער דייטשער' הערשאפט. מיט אמאָל זענען אלע האָפענונ־גען אויף היטלערס שנעלער מפּלה צערינען געוואָרן. עס האָט זיך געשאפן א געדרוקטע שטימונג: וואס וועט ווייטער זיין ?... א סך האָבן זיך שוין מיאש געווען אויך פון ענגלאנד... אנדערע ווידער האָבן די האפענונג נישט פארלוירן, געהאט בטחון: סוף סוף וועט היטלער האָבן א מפּלה... זיי האבן געפאדערט נישט צו פארצווייפלען, נישט פארלירן דעם מוט. עס איז אויך געווען א טייל, א קליינער טייל, וואָס האָט געהאלטן, אז עס איז אפשר בעסער א דייטשער נצחון — אבי די מלחמה זאל זיך ענדיקן. מעגלעך, אז נאָכן קריג וועט ווערן בעסער, ער וועט דערלויבן די יידן אויסצוואנדערן...

## נאך דער שלאכט אין פראנקרייך

דעם 15.7.1940, איז דאס דייטשע מיליטער צוריקגעקומען פון דער שלאכט אין פראנקרייך, מכלומרשט אויף אָפרו, און מען האט אנגעהויבן פייניקן די יידן מיט שווערע ארבעטן. דערביי האבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אויסערגעווענלעכן סאדיזם, דער מאיאר אלברעכט און דער קאפיטאן ריגער. דורך שוחד האָט מען געוווּנען דאס הארץ פון שטורם־פירער (ארבעסט־אמט) און ער האט פאר־לאנגט, אז דאס מיליטער זאל באצאָלן פאר דער ארבעט. און היות ווי דאס מיליטער האָט אויף דעם קיין בודזשעט נישט געהאט — האט זיך דער מאיאָר געמוזט באגנוגענען מיט 30 יידן טעגלעך. און דאָס אויך נאר דורך דעם יודנראט — ווייל אים איז פארבאָטן געוואָרן צו כאפן יידן אין גאס און זיי שיקן אויף ארבעט. אזוי אז עס איז אויסגעקומען יעדן איינעם צו ארבעטן איין טאג אין דער וואך. עס האָט פאסירט, אז אין א טאג זענען געקומען צו דער ארבעט ווייניקער ווי 30 יידן — האט דער מאיאָר אלס שטראָף גענומען צו דער ארבעט דעם יודנראט... אבער אז דער יודנראט האט נישט אמטירט, איז נישט געווען ווער עס זאל אויף צומאָרגנס צו שטעלן די 30 ארבעטר — האט מען דעם יודנראט געמוזט באפרייען... אזוי האָט זיך דאס געשלעפט ביז פעברואר 1941, במשך פון דער צייט זענען אויך פאָרגעקומען רעוויזיעס און קאָנטריבוציעס. אין פארגלייך צו די שפּעטערדיקע צייטן האט דאס געהייסן רויק.

## די רויקסטע צייט

פעברואר 1941 האט דאס דייטשע מיליטער אויפגעהערט צו ארבעטן מיט די יידן. דאס גאנצע מיליטער האָט אָנגעהויבן צו מארשירן צום רוסישן פראָנט, וועלכן זיי האָבן געגרייט צו עפענען. פון טאג צו טאג איז געבליבן ווייניקער מיליטער. די געסטאפּאָ האט מען איבערגעקויפט און די צייט, ביז יוני קען פארעכנט ווערן צו דער רויקסטער צייט אין בייטש.

## דער דייטש־רוסישער קריג

זונטיק, דעם 22 יוני 1941, האט דייטשלאנד אָנגעהויבן די מלחמה מיט רוסלאנד. אין א פּאָר חדשים שפּעטער האבן מיר באקומען ידיעות, וואס די דייטשן האבן אפּגעטאן אין די פארנו־מענע געביטן, אין מזרח־גאליציע. ביים אויסברוך פון דער מלחמה, האבן זיך די פּאָלאקן גוט איינגעלעבט מיט די יידן: מען האט געזען אינם דייטש א געמיינזאמען שונא.

נאכן פארנעמען מזרח־גאליציע, האט די היטלער פּראפּאגאנדע אנגעהויבן צו שרייבן און אויפצווייזן מיט בילדער וואס פאר א צרות די יידן בשותפות מיט די קאמוניסטן, האבן אנגעטאן די פּאלאקן... די דייטשע פּראָפּאגאנדע האָט געווירקט אויף די פּאָלאקן און זיי האָבן אָנגעהויבן טראָגן א שנאה צו אונז — א טייל אָפן און א טייל באהאלטן. זיי האבן געפרעגט: וואָס האט איר געמאכט מיט אונזערע ברידער אויף יענער זייט „סאן" (ד.ה. מזרח־גאליציע).

אין הערבסט 1941 איז פארבאָטן געוואָרן די יידן ארויסצוגיין פון שטאָט. נאך פון פריער איז געווען פארבאטן צו פארלאָזן די געמיינדע, אבער מען האט געקענט באקומען דערלויבעניש, אבער פון איצט אָן האט דאס אויפגעהערט. בלויז דריי מיטגלידער פונם יודנראט האָבן פון בעצירקסהויפטמאן באקומען א דערלויבעניש צו פארן קיין גארליץ און יאסלא צו דערלעדיקן אלע אנגעלעגנהייטן אין ארבעטס־אמט — בעצירקס־הויפטמאנשאפט און געסטאפּאָ.

עס איז אויך, אין דער צייט, ארויס א באפעל, אז אלע יידן מוזן זיך אפּשערן די בערד. מען קען זיך פארשטעלן ווי אזוי עס האבן זיך געפילט עלטערע יידן, וואס האבן תמיד געטראגן א באָרד, נאכן אפּשערן. א טייל פון די יידן איז שווער געווען צו דערקענען, אויך צוליב די איינגעפאלענע באקן פון נישט דערנערן זיך.

## די אנטלאפענע קיין מזרח־גאליציע

ווי עס איז שוין דערמאנט געוואָרן, זענען א סך יידן אנטלאָפן קיין מזרח־גאליציע — דאָרטן זענען זיי געווען אונטער דער רוסישער

הערשאפט. אין א צייט אַרום האָט די רוסישע מאכט געגומען אַלע פּליטים און אוועקגעשיקט טיף אין רוסלאנד, מערסטנטייל קיין מיטל־אזיע. געווען אויך יידן וואס האָבן זיך אויסבאהאלטן און זענען געבליבן אויפן אָרט — אויסגעמיטן דאס אוועקשיקן. אין יוני, ווען דער דייטש האט פאַרנומען מזרח־גאַליציע, האבן זיך דאָרטן אנגע־הייבן שרעקלעכע צייטן: מען האט דאָרט אויסגעקוילעט טויזנטער יידן. דאקעגן איז ביי אונז געווען פאַרהעלטנישמעסיק רויק. זענען די בייטשער יידן, וואס זענען נישט פאַרשיקט געוואָרען קיין רוסלאנד, צוריקגעקומען צו אונז, דורך פאַרשידענע אומלעגאַלע וועגן. צוריק־קומענדיק זענען זיי געווען פול מיט פרייד, זעענדיק אַז ביי אונז איז נאך אויסצוהאַלטן... דאָרט, אויף יענער זייט „סאן" איז שוין געווען דאס אמתע גיהנום.

לאנג האט זייער פרייד נישט אָנגעהאַלטן. ווי נאָר דער דייטש האָט זיך דערוווסט, אַז עס זענען צוריקגעקומען יידן פון מזרח־גאַליציע, האט דער בעצירקסהויפטמאַן פאַרלאַנגט, פרייטיק, דעם 2.1.42, אַז אַלע יידן פון מזרח־גאַליציע זאָלן ביז זונטיק פאַרלאָזן בייטש און צוריקפאָרן אויף זייערע ערטער. דער טאָג איז געווען א שרעקלעכער: דאס געוויין פון די משפחות, וועלכע מוזן זיך אויפסניי שיידן, וויסנדיק אין וועלכן גיהנום אריין זיי פאָרן, איז געווען אין לשער. אבער אויפצומאָרגנס, שבת, ווען עס זענען אין בייטש געפאַלן די ערשטע קרבנות, ווי איך וועל דאס ווייטער באשרייבן, האבן זיי פאַרלאָזט בייטש מיט א גרינגער הארץ: אין בייטש איז אויך שוין נישט גוט, האט מען שוין נישט וואס צו פאַרלירן... די איינציקע טרייסט האבן די משפחות געהאט, וואס מען שיקט זיי צוריק קיין מזרח־גאַליציע. ווייל די וואס זענען צוריקגעקומען קיין יאסלאָ, האט זיי דאָרטן דער בעצירקסהויפמאַן אוועקגעפירט אויפן בית־עלמין און אלע אויסגעשאסן. די וואס זענען געקומען און צוריקגעשיקט געוואָרן פון בייטש זענען געווען: ישראל בוקסבוים, אברהם שטיין, ישראל עטלינגער, חיים גאַלע, חיים שולדענפריי.

אין בייטש זענען פאַרבליבן, פון די צוריקגעקומענע, משה

מעלערס ז״ל קינדער, שמואל מלמדס ז״ל איינִיקלעך, משה ניימאנס ז״ל טאָכטער און איין קינד פון משה שטיין. די פאמיליעס האָבן געלעבט אין טויט־שרעק: דער דייטש זאל זיך נאר נישט דערוויסן פון זיי. רבקה זיסקינד מיט אירע צוויי איינִיקלעך זענען אויך געווען אין מזרח־גאַליציע און צוריקגעקומען — אבער זיי זענען נאך צוריקגעקומען פון דאָרטן פארן אויסברוך פונם קריג מיט רוסלאנד, און דעמאָלט איז דאס געווען דערלויבט — און זיי זענען געבליבן אין בייטש.

## די קאנפיסקאציע פון שטריימלעך און פעלצן

*שבת,* דעם 27.12.41, איז געקומען די דייטשע פאליציי, און אינטער דראָונג פון טויט־שטראָף, האט זי פארלאנגט, אז אלע יידן פון בייטש זאָלן אפגעבן די פעלצן און אפילו די שטריימלעך וואס זיי האבן. אין פארלויף פון דריי טעג האט מען געזאמלט דאס פעלצווארג — און מען האט צוזאמענגענומען צוויי פולע וועגן... און מען האט דאס אפגעליפערט צום דייטש. געווען פאלן, וואס יידן האבן נישט געוואלט אפגעבן... און זייערע פעלצן און שטריימלעך פאר־ברענט. אינטערעסאנט איז צוצוגעבן, אז די דייטשן וואס האבן געמאכט פראפאגאנדע, אז די יידן זענען אומריין, זיי פארשפרייטן טיפוס — דאס האבן זיי אויפגעוויזן מיט בילדער... און אויפגעפאָדערט, אז מען זאל זיך דערווייטערן צוליב דעם פון די יידן — איז דאס צונעמען, ביי די אומריינע יידן, פעלצן און שטריימלעך געווען כשר.

## דער שוידערלעכער טאג

*שבת,* דעם 3.1.42, מיטאגצייט, איז קיין בייטש געקומען די געסטאפאָ פון גאָרליץ און פון יאסלא, און האָבן אָנגעהויבן שיסן אן א פארוואס, ווער עס איז זיי געקומען אונטער דער האנט. אכט יידן האָבן זיי געשאָסן: ר׳ חיים שלמה איטצינגער ז״ל, ער איז גראָד געלעגן אין בעט, געווען אלט 88 יאר. אויך זיין טאָכטער רבקה און זיין איידעם יצחק טשעשניאווער, איבערלאזנדיק קליינע

קינדער. צוויי זין פון בצלאל העלער ז״ל האבן זיי געשאָסן און די אויגן פון פאָטער און מוטער, וואס איז געלעגן קראנק איז בעט און דאס צוגעזען. איין פרוי מיטן נאמען גוט און איין מאן באַרנשטיין, פון די ארויסגעטריבענע פון לאדזש. און אויך דוד קורץ ז״ל בן יעקב. ער איז געשאָסן געוואָרן דער ערשטער. די געסטאפא האט זיי געהייסן באלד קובר זיין. מען קען זיך פארשטעלן די לאגע פון די יידן — דער פחד, מען האט געזען, אז מען איז שוין אינגאנצן הפקר. דעם זעלבן שבת האט די געסטאפא אין גאָרליץ געשאָסן 18 יידן. אויך אין יאסלא האבן זיי געשאסן עטלעכע יידן. מען האט געבעטן, אז דער טאג זאל וואס שנעלער אריבער און עס זאל אנקומען די נאכט... צו יענער צייט האט מען נאר ביינאכט געהאט מנוחה פון דייטש.

## אויסגעשאסן דריי משפחות

נאָך דעם שבת, וואס מען האט געשאסן די אכט פערזאן, האט מען געלעבט אין איין שרעק — מען האט קיינמאל נישט געוווסט ווען די געסטאפא קומט און וואס זי וועט טאָן, ביז דעם 17.2.42, ל׳ שבט, א׳ דראש חדש אדר תש״ב איז ווידער געקומען די געסטאפאָ פון גאָרליץ און יאסלאָ און געשאָסן דריי משפחות, נישט איבער־לאזנדיק קיין נפש. פון די וואס האבן זיך געפונען אינדערהיים. די משפחות זענען: הינדא שנעפס ז״ל מיט אירע צוויי זין; ר׳ משה שפילמאן ז״ל, זיין פרוי און דריי זין; ר׳ אברהם פעלער זיין פרוי, איין טאכטער און דריי זין. צוזאמען פערצן פערזאָן. ר׳ אברהם פעלער איז געווען געשלאָסן אין קייטן (צוזאמען מיט ר׳ משה שפילמאן ז״ל) און איז לייכט פארוונדעט געוואָרן. די דייטשן האבן געמיינט, אז אלע זענען טויט האבן זיי איבערגעלאזט די קדושים ליגן אויפן שניי נעבן געריכט און אוועק. ר׳ אברהם פעלער האט גענומען צו ביסלעך עפענען די קייטן, און מיט אלע כחות זיך צוגעשלעפט צו דער פאמיליע ראָטה, אין סצ׳עשין — ווו מען האט אים באנדאזשירט. פון דאָרט איז ער אוועק צו א פאָלאק, זיך דאָרטן אויסבאהאלטן ביז צו דער באפרייאונג 1945 איצט געפינט ער זיך אין אמעריקע.

## די פוילישע געהילפספאליציי ארעסטירט יידן

דאָנערשטיק, דעם 19.2.42, ב׳ אדר תש״ב, האט די פוילישע געהילפספאליציי ארעסטירט צירקא זיבעציק פערזאן, און זיי געהאלטן ביז שבת. שבת ביי מיטיק איז געקומען די געסטאפאָ און סאָרטירט די יידן — פערציק האבן זיי באפרייט. איינאונדרייסיק האבן זיי ארויסגעפירט אויפן בית־עלמין און דארטן זיי געשאָסן. שמואל קליינ־מאן, וועלכער האט געפרווט צו אנטלויפן איז געווארן געשאָסן דורך דעם פוילישן פאליציאנט וואיקאי. נאכן דערשיסן די קדושים הי״ד האט די געסטאפא געהייסן זיי קובר זיין — זייער פארמעגן איז געווארן קאָנפיסקירט. די באפרייטע יידן האבן געמוזט ברענגען פיל מתנות די דייטשן, אויך די פוילישע געהילפספאליציי האט אָנגעהויבן צו באקומען שוחד ... די פערזאָנען וואס זענען געשאָסן גע־ווארן אין דער אקציע: הענע וואגשאל ז״ל, פרוי פון ר׳ יודל וואגשאל ז״ל; ר׳ שמואל רייך ז״ל (איידעם פן ר׳ מרדכי וואגשאל ז״ל), פרוי און טאָכטער; ר׳ בצלאל העלער ז״ל, פרוי און טאכטער, זיין איידעם ר׳ זלמן האלענדער און טאָכטער; ר׳ מאיר יצחק קליינמאן ז״ל, פרוי און איין זון; ר׳ דוד געווירץ ז״ל, פרוי מיט פינף קינדער; ר׳ צבי שיטצער ז״ל, פרוי און קינד; ר׳ אלתר וואלאך ז״ל פרוי און זון; ר׳ משה אייכהאָרן (זון פון ר׳ בנימין), פרוי און צוויי קינדער; ר׳ פנחס וואגשאל זון פון ר׳ יהודה (יידל) מיט זיין טאָכטער פערל.

## א מעשה מיט עפל

אסתר תענית תש״ב, (2.3.42), האבן די דייטשן געמאכט רעוויזיעס און האבן געפונען אין קעלער, פון ר׳ אברהם מלמד ז״ל, עפל וואס האבן געהערט צו ר׳ פנחס מארק ז״ל. ווי געוועגלעך האבן זיך דארטן אויך געפונען פארפוילטע עפל. און היות ווי די דייטשן האבן געפונען די פארפוילטע עפל האבן זיי דער׳קלערט, אז פנחס מארק האט געלאזט פארפוילן די דייטשע עפל, ווייל אלץ וואס א ייד פארמאגט געהער זיי... און דאס איז סאבאָטאזש — האָבן זיי דערפאר געהאלטן א גאנצן טאָג יחזקאלן ז״ל, אברהם מלמד׳ס זון, און אים

אנגעמאכט שרעק: אים צוגעלייגט דעם רעוואלווער צום הארץ א.ד.גל. דעם אייגנטימער, ר׳ פנחס מארק, איז געלונגען צו אנטלויפן. און נאך געבן שוחד די געסטאפא, דעם קאָמענדאנט און די פוילישע געהיים פאליציי איז ער געבליבן לעבן און האט אויך געקענט צוריק אהיימקומען. אבער די עפל זענען קאנפיסקירט געווארן.

## מען דארף גערעדנקען ווו מען איז קובר.

עלף טאג אין אייר תש״ב (28.4.42) פארטאגס, איז געקומען די געסטאפא און ארויסגענומען פון די בעטן פערצן פערזאן, ארויסגע־פירט זיי אויפן רינגפלאץ, און א זייגער 5, אלע אויסגעשאסן — און שפעטער זיי געהייסן קובר זיין. אין דעם טאג זענען געשאסן געווארן: ר׳ מאיר וואגשאל, (דער ברודער פון ר׳ מרדכי וואגשאל ז״ל) און פרוי; ר׳ ראובן קורץ ז״ל; ר׳ אלימלך גאלדבערג און זון; ר׳ יצחק גאלדבערג ז״ל; ר׳ בנימין שניידער ז״ל; מיט צוויי זין; ר׳ שמעון שניידער ז״ל (בן יונה) און פרוי; יהודית קליינמאן ז״ל; ר׳ צבי קליינמאן ז״ל; ר׳ מנשה יאקובאוויטש ז״ל.

ר׳ בנימין שניידער איז געשאסן געווארן ווייל ער איז ארויס זען וואס מען טוט מיט זיינע צוויי זין. אביגדור געווירץ ז״ל האבן די דייטשן אוועקגעפירט קיין גארליץ און אים דארט געשאסן.

איך געדענק ווי זלמן געטץ ז״ל האט מיר געזאגט, ביי דער קבורה פון די קדושים, מען ווייסט נישט ווער עס וועט בלייבן לעבן—דארף מען דערפאר געדענקען ווו מען האט קובר געווען די קדושים...

## מען רעגיסטרירט צו ארבייט

אין חודש מאי האט אנגעהויבן וואקסן דער פחד. מען איז ארומגעגאנגען ווי לעבעדיקע מתים. מען האט זיך געשושקעט אין די אויערן: עס דארף עפעס געשען. מען האט דערציילט אז מען האט אוועקגעפירט יידן פון ריישע (זשעשאוו), פון טארנוי (טארנוב), וואהין ווייסט קיינער נישט — אסך האבן געזאגט אז מען האט זיי

געשיקט קיין אוקראינע און אז עס זענען שוין אנגעקומען בריוו פון די מענשן. אבער עפעס זיכערס האט מען נישט געקענט געוואר ווערן, ווייל ס׳איז געווען פארבאטן צו פארלאזן די שטאט. אין שטאט גופא איז אויך די באוועגונג געווארן באשווערט — אויף מזרח האט מען נישט געקענט גיין ווייטער ווי ביז צו דער בריק; אויף מערב — ביז צו ר׳ הירש אונגערס ז״ל הויז; אויף צפון און דרום זייט נישט ווייטער ווי ביז צו די הייזער אין רינגפלאץ.

מען האט געהערט, אז עס קומען פאר אין שטאט רעגיסטראציעס. ווער עס וועט אנערקאנט ווערן אלס ארבעטספעיק, שיקט מען אויף ארבעט. און ווער נישט — איז פאראורטיילט צום טויט.

ביי די רעגיסטראציעס אין די שטעט פלעגן די דייטשען שיסן יידן. און מען האט אנגעהויבן לויפן צו דער ארבעט. אין בייטש איז דאס נישט פארגעקומען. מען האט איבערגעקויפט מיט שוחד די דייטשן און די רעגיסטראציע איז פארגעקומען האלבוועגס נארמאל. אין בייטש איז געווען א דייטשע פירמע, באקערט־אולריך, צו פירן זאמד און שוטער, האבן א סך יידן דארטן געארבעט פאר א מינימאלן לוין. אויך ביי דער וואסער־רעגולירונג האבן געארבעט יידן, אפילו עלטערע וואס האבן שוין לאנג נישט געדארפט ארבעטן זענען געלאפן צו דער ארבעט.

איינמאל, ביים לאדענען זאמד, האבן מיר געפונען אין א וואגאן טליתים־קטנים פון יידן, האבן מיר פארשטאנען, אז מען האט אין דעם וואגאן אוועקגעפירט פון א שטאט יידן.

עס מוז געדענקט ווערן צום גוטן, דער פאלאק דלוגאש, גרונד־באזיצער פון זאלאוויע און נאפטגרובן אייגנטימער, וועלכער האט צוגענומען יידישע מיידלעך צו ארבעטן ביי גערטנעריי — כדי זיי צו שיצן דאס לעבן.

אין די חדשים יוני — יולי 1942, האט מען אין בייטשער געטא, וואס איז געווען זער ענג, אריינגעשיקט נאך יידן פון אלע דערפער — דאס איז שוין געווען א צוגרייטונג צום פארניכטן די יידן — דערפאר האבן זיי געוואלט האבן אלע יידן אויף איין ארט.

אין דער צייט איז ארעסטירט געווארן פאמיליע יאקובאוויטש,

האבן מיר געגעבן קאנטריבוציע און מען האט די פאמיליע באפרייט.

אין יולי האט מען געמאכט א רעוויזיע ביי א פאלאק, און מען האט ביי אים געפונען זאכן, וואס יידן האבן אים געגעבן צו באהאלטן. האט מען גענומען די דאזיקע יידן: שמואל מלמד ז״ל, זיין טאכטער חנה מעלער, ישראל איטצינגער, זיין זון, ר׳ ישעיהו לייב איטצינגער ז״ל, און אלע אוועקגעפירט פרייטיק פארנאכט אין א באראק, וואס די דייטשן האבן אויפגעשטעלט נעבן געריכט. דער פחד איז געווען שרעקלעך: דער וועג וואס פירט צום באראק, פירט אויך צום בית עלמין — האט מען געמיינט, אז מען פירט זיי שיסן. אבער אביסל שפעטער איז מען געוואר געווארן, אז זיי געפינען זיך אין באראק. דורך מיזאמע אינטערווענצן האט מען זיי באפרייט. נאר איינעם, ישראל איטצינגער, וועלכער האט פארן קריג געוווינט אין דייטשלאנד און געהאט באהאלטן מער זאכן, האבן זיי אוועקגעפירט קיין יאסלא — ביז צו דער פארניכטונג פון דער קהלה האט מען פון אים געהאט ידיעות, און נאך דעם קיין שפור נישט.

צוזעענדיק די צרות — האט מיר א ייד, א גרויסער בעל בטחון, וועלכער האט שטענדיק געמוטיקט אלעמען, געזאגט: וואלט מען געוווסט, אז מען וועט דאס אדורכלעבען און זען דעם שונאס מפלה, לוינט עס. טאמער חלילה נישט — איז שוין בעסער די, וואס זענען שוין נישט צווישן די לעבעדיקע... אזוי איז מען צעבראכן געווארן.

אינטערעסאנט, אז מען האט גארנישט געקענט פאראויסזען אין דער מלחמה. צום ביישפיל: ר׳ אברהם שולדענפרייס צוויי זין: יחזקאל און חיים ז״ל זענען אנטלאָפן קיין מזרח־גאליציע. ווען דער רוס איז דאָרטן אריין האָט ער יחזקאלן פארשיקט אין טיף־רוסלאנד און אין יאר 1946 איז ער צוריקגעקומען. דאקעגן חיים ז״ל, וואָס האָט זיך געהאט באהאלטן, און אויסגעמיטן די פארשיקונג, איז צוריקגעקומען קיין בייטש הערבסט 1941 מיט נאך עטלעכע יידן אבער דערנאך געמוזט צוריקפארן קיין מזרח־גאליציע און דארט אומגעקומען נאך דעם ווי דער דייטש האט פארנומען מזרח־גאליציע. איך געדענק, ווי חיים ז״ל האט מורא געהאט צו זאגן זיין פאטער אז מען האט יחזקאלן פארשיקט קיין טיף־רוסלאנד און ער האט

אויסגעטראכט עפּעס אַן אַנדערן תּירוץ, פאַרוואָס ער איז נישט צוריק געקומען קיין בייטש מיט אים צוזאַמען...

## סלאַוואַקישע בירגערשאַפט.

תּשעה־באב תש״ב, דעם 25.7.42, פאַרנאַכט, האָט דער יידנראַט געשיקט רופן ר׳ משה בערגער ז״ל, זיין פרוי און זון זישע, אַז זיי זאָלן תּיכף קומען, ווייל די געסטאַפּאָ וואַרט אויף זיי. משה בערגער איז געלאָפן צו פאַרשידענע מענשן זיך עצהנען צו ער זאָל גיין. האָט מען אים געראָטן אַז ער זאָל יאָ גיין, ווייל ווען די געסטאַפּאָ וואָלט אים געוואָלט טאָן שלעכטס וואָלטן זיי אים נישט געשיקט רופן, נאָר אַליין געקומען, אַז ער זאָל דערווייל נישט אַנטלויפן. ווען ער, זיין פרוי און זון זענען אַהינגעקומען האָט מען אים דאָרטן געוויזן אַ פּאַפּיער און געפרעגט, צו די אונטערשריפט איז זיינע. ער האָט געענטפערט: יאָ. מיט אַ צייט צוריק האָט ער געהאַט אָנגעגעבן אַ בקשה, צום בעצירקסהויפּטמאַן, היות ווי ער איז אַ סלאָוואַקישער בירגער (די סלאָוואַקישע בירגער האָבן געהאַט בעסערע פּריווילעגיעס ווי די פּוילישע יידן) בעט ער, אַז מען זאָל אים דערלויבן צו פאָרן אויף דער באַן. דער בעצירקסהויפּטמאַן האָט אים אָפּגעזאָגט — האָט ער געמאַכט אַ רעקורס. דאָס פּאַפּיר איז טאַקי געווען זיין רעקורס. האָט אים די געסטאַפּאָ געזאָגט: מיר גיבן דיר אַ פרייקאַרטע און וועסט שוין קענען פאָרן ווו דו וועסט וועלן. מען האָט זיי אַריינגעזעצט אין אַן אויטאָ און מיט זיי צוגעפאָרן ביז נישט ווייט פון בית־עלמין און דאַן צופוס זיי צוגעפירט צום בית־עלמין. אין די לעצטע מינוטן האָט ער געבעטן די געסטאַפּאָ, היות ווי ער איז גבאי פון דער חברה קדישא זאָל מען אים שיסן נישט אויפן בית־עלמין — האָבן זיי אים צוליב געטאָן, און זיי געשאָסן אינדרויסן.

דעם זעלבן טאָג איז געשען נאָך אַ פאַקט:

לוי קאָרזעניקס טאָכטערס מאַן איז געווען אין קראַסנאַ. האָט זי געשריבן צו דער פאַמיליע, אַז מען זאָל זי שטיצן, ווייל איר מאַן אַרבעט ביי שוואַרצע אַרבעט, געמיינט פיזישע אַרבייט. האָבן די דייטשן זי גערופן מיט איר קליין קינד, און געזאָגט, אַז איר מאַן

ארבעט אונטערערדישע ארבעט ד.ה. קעגן רייך... און זי אוועק געפירט אויפן בית־עלמין און געשאסן.

ווי שוין פריער דערמאנט האט מען זיך נישט געטאָרט באוועגן אויסער דעם רינגפלאץ, האט מען זיי נישט געקענט קובר זיין. בלויז די חברה קדישא איז דערלויבט געוואָרן דאָס צו טאָן.

## א נייע רעגיסטראציע

דעם 21.7.42 איז געקומען א באפעל פון דער געסטאפּאָ, אז אלע מענער פון 18 ביז 35 יאָר זאָלן צומאָרגנס, 5 א זייגער אינדערפרי, קומען אויפן רינגפלאץ צו א רעגיסטראציע. מען קען זיך משער זיין ווי אזוי עס האָט אויסגעזען די לאגע — מען האט אלץ געטראכט צו וואס מאכט מען די רעגיסטראציע? ענדלעך, שפּעט פארנאכט האָבן די יידן, וואס ארבעטן ביים זאמד ביי דער דייטשער פירמע, באמערקט, אז נישט ווייט פון דער באנסטאציע שטייען צוויי ליידיקע וואגאָנען — האט מען דערפון געדרינגען, אז מען וועט אוועקשיקן.

אויף צומאָרגנס, 5 א זייגער אינדערפרי איז געקומען די געסטאַ־פּאָ, רעגיסטרירט, אויסגעשטעלט אין רייען און צוגעפירט צו דער באן צירקא 170 מענער. מען האט זיי איינוואגאָנירט און אוועקגע־שיקט — וואהין האט קיינער נישט געוווּסט. מען האט געטרייסט די פאמיליעס אפשר וועט זיי זיין בעסער. און ווירקלעך זענען עטלעכע פון די אוועקגעשיקטע צוריקגעקומען. דאקעגן פון די, וועלכע זענען געבליבן אין בייטש איז קיינער נישט געבליבן לעבן. צווישן די אוועקגשיקטע זענען אויך געווען לאָדזשער יידן.

די וועלכע האבן געהאט איינגעשריבן אין זייער לעגיטימאציע: בעל מלאכה, האָט מען נישט אוועקגעשיקט נאָר איבערגעלאָזט אין בייטש, און די שמחה פון די איבערגעבליבענע איז געווען גרויס. שפּעטער האט זיך ארויסגעוויזן אז קיינער פון זיי איז נישט געבליבן ביים לעבן. עס איז ווערט צו באמערקן, אז די אלע בעלי־מלאכה זענען קיין פאכמענער נישט געווען. אָבער מיינענדיק, אז אזוי וועט זיין בעסער האָבן זיי זיך פארשריבן אלס בעלי־מלאכה.

אויך האָבן א סך קראנקע יידן זיך פארשריבן אלס געזינטע,

ווייל זיי האָבן געהערט, אז קראנקע וואָס קענען נישט ארבעטן שיסט מען.

## מען מעקט אפ גאנצע קהלות:

אין אנהויב אויגוסט 1942, איז געקומען א באפעל, אז אלע יידן מוזן באצאלן די פארלעגענע שטייערן וואס זיי זענען שולדיק פון די פריערדיקע יארן. און פאר די יידן וואס האבן שוין נישט געלעבט, מוז באצאלן דער יודנראט. מען האט געזען אין דעם אז זיי ווילן נאך אויספרעסן וואס מער געלט פאר דער פארניכטונג. די לאגע איז געווען אזוי אנגעשטרענגט, אז א פאלאק וואס האט שטענדיק געמאכט געשעפטן מיט יידן און אים איז געקומען עפעס געלט ביי א ייד האט אים געזאגט, כלומרשט אין געלעכטער, גיב מיר אפ דעם חוב פאר דיין טויט.

מאנטיק, כ״ז אב תש״ב, דעם 10.8.42, האט מען געהערט, אז אין קראסנא (ווו דער קרייזהויפטמאן איז געווען א דערטרעגלעכער מענש — און דארט איז, אויסנאמסווייזע, די גאנצע צייט געווען פארהעלטנישמעסיק רויק) קומט עפעס פאר... גענוי האט מען נישט געקענט דערגיין וואס, ווייל מען האט נישט געקענט ארויס פון דער שטאט.

דינסטיק, כ״ח אב, 11.8.42, זענען געקומען פאלאקן פון דעם דערנעבנדיקן שטעטל זשעפיעניק, וואס ליגט א פאר קילאמעטער ווייט פון בייטש, און דערציילט, אז מען האט דארטן אלע יידן אויסגעשאסן. מיט עטלעכע וואכן פריער האבן זיי א העלפט יידן פון שטעטל אלפין אריינגעשיקט קיין בייטש. די אנדערע העלפט אלפינער יידן האבן זיי מיט דריי טעג פריער, פארן אויסשיסן די יידן אין זשעפיעניק, אריינגעשיקט קיין זשעפיעניק און זיי זענען דארטן אומגעקומען. הערנדיק, די בשורות איז דאס בלוט געגליווערט געווארן — מען האט אפילו נישט געוואלט גלויבן אין דעם. אבער לײדער איז דאס אמת געווען. מען האט שפעטער געהערט אז די דייטשן האבן געברענגט „יונאקעס״ (פוילישע יוגנט ארגאניזאציע) אז זיי זאלן קובר זיין די יידן. צומארגענס איז א מיטגליד פון יודנראט געפארן קיין יאסלא און געברענגט א

שרעקליכע ידיעה: דעם 11.8.24, כ״ח אב, האט מען אין שטעטל קאלאטשיץ אויסגעשאסן אלע יידן. מען האט געזען אז אלץ גייט צו ענדע: מען מעקט אפ גאנצע קהלות. האבן יידן, וואס זענען אריינגעשיקט געווארן פון די דערפער קיין בייטש, נישט קוקנדיק אויף דער טויט־שטראף געפאר, גענומען צוריקלויפן אין די דערפער. אין בייטש האט מען דערוייל געזאמעלט געלט און ווערטזאכן מיט דעם געדאנק איבערצוקויפן די געסטאפא... א טייל יידן האבן געהאט געמאכט א פלאן, מיטוואך, דעם 12.8.42, צו אנטלויפן פון דער שטאט און גראד דעם זעלביקן אוונט איז געקומען א באפעל פון די דייטשן צוזאמענצושטעלן א קאנטריבוציע און זי אפצוליפערן ביז פרייטיק אינדערפרי. איז א ביסל לייכטער געווארן: אויב זיי פארלאנגען געלט, וועט דאך ביז פרייטיק גארנישט פאסירן... אבער ליידער איז דאס געווען אנדערש.

## מען גייט אונז איבערזידלען...

פרייטיק, א׳ אלול תש״ב (14.8.42) א זייגער 3 פארטאג, האט מען פלוצים דערהערט געזאנגען — האט מען פארשטאנען, אז די דייטשן זענען דא. און ווירקלעך זענען זיי טאקי געקומען מיט אוקראינישע געהילפספאליציי (מיט וועלכע זיי האבן זיך באנוצט צו יעדע אקציע קעגן יידן), און זיי האבן באלאגערט די שטאט פון אלע זייטן. פון צייט צו צייט האט מען אויך געהערט איינצלנע שאסן — ווי מיר האבן זיך שפעטער דערוווסט זענען די שאסן געוואנדן געווען צו די יידן, וואס האבן נישט געוווסט, אז מען האט באלאגערט די שטאט און זיי האבן געפרוווט צו אנטלויפן — און זענען געשאסן געווארן. ארום דער שטאט האבן די דייטשן געווארט ביז א זייגער 5 און דאן מיטאמאל אונגעהויבן קלאפן אין אלע טירן מיט א געשריי אז אלע יידן זאלן ארויס אויפן רינגפלאץ ביז אזייגער 7. זיי האבן דערקלערט, אז מען גייט איבערזידלען .... און יעדער זאל זיך מיטנעמען וועש. עס זענען געווען פאלן, וואס יידן וועלכע זענען שוין געווען אין רינגפלאץ און נישט געהאט מיטגענומען קיין וועש, האבן זיי צוריקגעשיקט אהיים, כדי דאס צו נעמען. און מען האט ווירקלעך

געקענט מיינען אז עס האנדלט זיך וועגן א וועקשיקן אויף אנדערע פלעצער.

אויף אוועקצופירן די געשאסענע יידן, האבן די דייטשן גענומען פאלאקן מיט וועגן — זיי געהייסן אויפלאדענען די קדושים, דאן האבן זיי גענומען אלע קראנקע יידן און זיי ארויפגעלייגט אויף די קדושים און סיי די טויטע און סיי די לעבעדיקע קראנקע יידן אוועק־געפירט צום בית עלמין, זיי דארט געשאסן און קובר געווען צירקא 180 יידן. איין קראנקן ייד האבן זיי געפונען נאך דער אקציע — האבן זיי געצוואונגען א געזונטן ייד ער זאל אויף א טאטשקע אוועקפירן דעם קראנקן צום בית עלמין און דארטן זיי ביידע געשאסן.

איך מיט נאך עטלעכע יידן זענען געווען פארשטעקט, אין קעלער פון מיין הויז, און מיר האבן געהערט די געשרייען און די באפעלן פון די דייטשן.

צירקא 1000 יידן האבן זיי פון רינגפלאץ אוועקגעפירט אין באראק וואס איז געשטאנען נעבן געריכט. ביים צוזאמענזאמלען די יידן האט א פוילישער געהילפס־פאליציאנט געשאסן עטלעכע יידן צווישן זיי ר׳ שמעון עטינגער ז״ל און ר׳ יעקב זילבערשטיין ז״ל.

## רויבן מעגן נאר דייטשן...

געווען א פאל, וואס אן אוקראינישער פאליציאנט האט ביי ר׳ שמעון וואלף ז״ל צוגענומען דאס געלט און אים געשאסן. האט זיך וועגן דעם דערוווסט די געסטאפא — האבן זיי אים געשאסן. ווי קומט ער, א אוקראינישער פאליציאנט צו בארויבן א ייד? ... די פריווילעגיע געהער אויסשליסלעך די דייטשן.

און נאך אזא ענלעכער פאל: א פאלאק, וועלכער פלעגט תמיד זעגן האלץ ביי יידן, האט געטראפן ר׳ שמעון וואלף׳ס פרוי (ר׳ דוד שטיינפעלדס טאכטער) מיט איר קינד אין א דארף. האט ער איר צוגענומען די קליידער און זי געברענגט צו פירן קיין בייטש צו די דייטשן. אזוי ווי די דייטשן האבן געזען, אז ער האט זי בארויבט — האבן זיי דעם פאלאק צוגעפירט צום רינגפלאץ און אים געשאסן. די פרוי מיט דעם קינד האבן זיי אפגעפירט אין באראק אריין צו די יידן.

## דער סוף פון דער בייטשער קהלה.

די טויזנט יידן האט מען עטלעכע טעג געהאלטן אין באראק, און דורך דערצייט, אין די פארטאגן, האט די פוילישע געהילפס־פאליציי און אויך פייערלעשער, געזוכט באהאלטענע יידן, ווייל בייטש האט צו יענער צייט פארמאגט א 1700 יידן, ווייל עס זענען געווען יידן פון לאדזש און יידן פון די ארומיקע דערפער.

40 יידן, וואס האבן געארבעט ביי זאמד, ביי דער דייטשער פירמע באקערט־אולריך, ווי איך האב שוין פריער דערמאנט, זענען אין שטאט אריין נישט געקומען, אזוי, אז זיי האבן אויסגעמיטן דערוויל דעם גורל פון די בייטשער יידן.

ד׳ אלול, (17.8.42) האט מען אוועקגעפירט אלע יידן פון באראק מיט א צוג. וואהין מען שיקט זיי האט קיינער נישט געוווסט, ערשט אין א פאר וואכן שפעטער בין איך געוואר געווארן פון א פוילישער צייטונג, וואס איז ארויס אומלעגאל, אז מען האט די יידן געשיקט קיין בעלזשעץ (ביי ראווא־רוסקא) און דארט אלע פארניכטעט.

אזוי האט פאקטיש אויפגעהערט צו עקזיסטירן די בייטשער קהלה ד׳ אלול תש״ב — 17.8.1942.

## נאך דער ליקווידאציע פון די בייטשער יידן.

איך, וועלכער מיר איז געלונגען זיך צו באהאלטן פרייטיק א׳ אלול, בין ארויס שבת אינדערפרי פון מיין באהעלטעניש. אז איך האב א קוק געגעבן אויף אונזער שטאט איז מיר פינסטער געווארן פאר די אויגן: קיין איין לעבעדיק יידיש נפש האט מען נישט געזען. אלע טירן פון די יידישע הייזער זענען געווען פארזיגלט און פאר־קלעפט מיט צעטלען, אז דאס פארמעגן איז קאנפיסקירט לטובת די דייטשן. עטלעכע יידן, וואס זענען אויך געווען באהאלטן און האבן געוואלט אנטלויפן ביינאכט זענען דערשאסן געווארן, ווייל די דייטשן זענען געבליבן אין שטאט ביז שבת פארטאג. ווען איך גיי ארויס פון מיין באהעלטעניש א פאר מינוט פריער וואלט מיך אויך זייער גורל נישט אויסגעמיטן...

איך בין אוועק אין וואלד אריין. אין וואלד האט מיך אבער געטראפן א פוילישער הפקר־מענש, און ער האט מיך געוואלט צוריקפירן אין דער שטאט אריין... אבער נאך דעם ווי איך האב אים אוועקגעגעבן זאכן און אנציגער, וואס איך האב מיר געהאט מיט־גענומען, האט ער מיך פרייגעלאזט.

ווי איך האב שוין דערמאנט האט דער דייטש אוועקגעשיקט, דעם 30.7.42, 170 יידן, אין אנהויב האט מען נישט געוואסט ווו זיי זענען אהינגעקומען. שפעטער איז מען געוואר געווארן, אז מען האט זיי גענומען צו ארבעט אין פלאשאוו נעבן קראקע. א פאר וואכן שפעטער, שוין נאך דער ליקווידירונג פון די בייטשער יידן, זענען א סך פון זיי געקומען קיין בייטש כדי עפעס צו נעמען פון זייערע שטובן, דאס פארקויפן די פאלאקן און צוריקפארן אין לאגער, ווייל די דייטשע קעסט איז נישט גענוג געווען אויף צו קענען לעבן — די פוילישע געהילפספאליציי האט זיי גענומען און אוועקגעפירט קיין יאסלא. און פון דארטן האט מען זיי געשיקט קיין פשעמישל אויף ארבעט. מען האט זיי נישט געשאסן, ווייל זיי האבן געהאט רייזע דערלויבענישן פון לאגער. א געוויסע צייט זענען געווען פון זיי ידיעות פון פשעמישל, און שפעטער איז פארלוירן געגאנגען יעדער שפור פון זיי.

א סך פון די באהאלטענע יידן, וואס איז געלונגען אויסצומיידן די לעצטע פארשיקונג, זענען דורך פארשידענע וועגן אנגעקומען אין לאגער פלאשאוו, צווישן זיי זענען געווען: הרב יששכר דב האלפערן שליט״א, חנה טאג (וואלף וויעטשנערס טאכטער), חנה שטערנליכט (אברהם קורץ׳ס פרוי —איצט זענען זיי אין אמעריקע), אויך נפתלי קורץ׳ס ז״ל פרוי איז געקומען אין לאגער אריין אבער ליידער נישט געבליבן לעבן.

חוה גאלע ז״ל (יוסף היטנערס ז״ל טאכטער) איז געלונגען צו אנטלויפן פון שטאט מיט איר קינד — האבן זיי די בייטשער פאלאקן דערקענט און זיי פארמסרט — האט מען זיי אראפגענומען פון דער באן און עס איז פון זיי קיין שפור נישט געבליבן.

ר׳ מענדל שטיין מיט זיין פאמיליע זענען געווען באהאלטן ביי

א פאלאק אין דארף סערזשין, אבער נאך א צייט האט זיי דער פויער מער נישט געקענט האלטן, זענען זיי אוועק מיט דער באן, האט מען א טייל פון דער פאמיליע דערקענט, אז זיי זענען יידן און זיי געשאסן. די רעשט פון דער פאמיליע זענען געפארן ווייטער, ביז צום לאגער פלאשאוו, ווו עס האבן געארבעט די בייטשער יידן — אבער זיי האבן דעם לאגער נישט אויסגעהאלטן.

בערך א צוויי חדשים, נאך דער ליקווידאציע, האבן נאך געאר־בעט די 40 יידן,ביים זאמד, ביי דער דייטשער פירמע. דאן איז געקומען די געסטאפא זיי אלע ארויסגענומען פון דארט און זיי אוועקגעפירט קיין פשעמישל אויף ארבעט. און פון זיי איז קיינער נישט געבליבן לעבן.

און פון דעמאלט אן האט מער קיין איין ייד, ביז צו דער באפריי־אונג, נישט באטרעטן די שטאט בייטש. די דייטשן האבן ארויס־גענומען די גוטע זאכן פון די יידישע שטובן און זיי געהאלטן פאר זיך. די רעשט האבן באקומען די פאלאקן, וואס האבן מיטגעארבעט מיטן דייטש. די דייטשן האבן אויך צעלייגט דעם בעטאן־פארקן פון בית־עלמין, ארויסגעריסן די מצבות און מיט דעם אויסגעפלאסטערט טראטוארן אין שטאט.

פון די יידן, וואס איז געלונגען צו אנטלויפן אין די דערפער אריין איז ווייניק געבליבן. די פוילישע געהילפספאליציי האט זיי צו ביסלעך געפונען און פון א טייל איז בכלל קיין ידיעה נישטא, וואס עס האט מיט זיי פאסירט. ביי א פאלאק אין א דארף זענען געווען באהאלטן 8 יידן, דארפסמענשן פון דער בייטשער אומגעגענד, האט זיי די פוילישע געהילפספאליציי געפונען און זיי איינגעשפערט, כדי אויף צומארגענס זיי צו פירן צו דער געסטאפא. האבן די יידן געוווסט, וואס עס דערווארט זיי — האט איינער דעם אנדערן אויפגעהאנגען, איין ייד איז געבליבן לעבן, האבן זיי אים געשאסן. און פון דעמאלט אן האבן זיי מער קיין יידן נישט געפירט צו דער געסטאפא. נאר ווו זיי האבן געטראפן א ייד, האבן זיי אים באלד געשאסן. אין זעלבן הויז ווו מען האט געפונען די אכט יידן, איז אויך געווען באהאלטן די פאמיליע פון ר׳ חיים פייגנבוים פון דארף

סוואסאוו. האט אים דער פאלאק דערציילט וואס עס איז געשען מיט די באהאלטענע אכט יידן. זענען זיי אוועק פונם פויער. צומארגענס איז מען געקומען זוכן נאכאמאל, איז שוין די פאמיליע פייגענבוים דארט נישט געווען.

בלומה שטורם, די טאכטער פון ר׳ משה שטורם ז״ל, איז געווען באהאלטן ביי א פאלאק א לאנגערע צייט. האט א פויער געמסרט און די פוילישע געהילפספאליציי האט זי געשאסן.

ר׳ נפתלי קורץ ז״ל און ר׳ עקיבא וואסרשטראם ז״ל זענען געווען באהאלטן ביי א פאלאק, ביז אחרון של פסח תש״ד, האט מען זיי געמסרט און די פוילישע געהילפספאליציי האט זיי געשאסן.

א יינגעל, יוסף וואגשאל ז״ל (ד״ר פנחס וואגשאלס ז״ל א זון), איז אנטלאפן אין דער פארשטאט צו א פאלאק, מיט וועמענס קינדער ער האט צוזאמען געלערנט אין דער שולע, א שכן, א פויער איז פון דעם געוואר געווארן און דעם פאלאק אנגעהויבן סטראשן. האט אים דער פאלאק געזאגט, אז ער טרייבט ארויס דאס יידישע יינגל — האט דער פויער אים געזאגט, אז דאס איז נישט גענוג, ער מוז מעלדן דער פאליציי... האט ער געמאלדן דער פאליציי און זיי האבן געשאסן דאס יינגל.

אלע יידן, וואס זענען געשאסן געווארן דורך דער פוילישער געהילפס פאליציי, זענען געשאסן געווארן דורך דעם פאליציאנט וואנטאראווסקי — א צורר ישראל.

אין דארף סערזשין, נישט ווייט פון בייטש, האט א פאלאק באהאלטן יידן. אז די דייטשן זענען פון דעם געוואר געווארן האבן זיי גענומען דעם פאלאק מיט זיין פרוי, זיי ארויסגעפירט אויפן מיסט און זיי געשאסן. צו דעם פאלאקס קינדער האבן די דייטשן געזאגט, אז זיי האבן געשאסן די עלטערן, ווייל זיי האבן באהאלטן יידן.

איך אליין בין געווען באהאלטן ביי א פאלאק, אויף דער פארשטאט, 16 חדשים לענגער האב איך דארטן נישט געקענט פארבלייבן, ווייל דער פאלאק האט אנגעהויבן מורא צו האבן...

זענען מיר, איך און מיין פרוי, געגאנגען ענדע 1943 צו איין אנדערן פאלאק אין דארף סערזשין. דארטן זענען מיר געזעסן אין א פינסטער ארט. האבן מיר כסדר געמוזט באלייכטן דאס ארט מיט א נאפט לאמפ. איינמאל האט דער נאפט זיך אנגעצינדען און מיין פרוי טריינע ז"ל האט זיך אפגעבריט און געשטארבן נאך 13 טעג, שרעק־עכע יסורים. מיר האבן זי קובר געווען אין א באהעלטניש און נאך דער באפרייאונג האב איך זי געברענגט צו קבר ישראל.

נאך דריי חדשים, ווי איך בין שוין געווען באהאלטן ביים צווייטן פאלאק, האט די דייטשע פאליציי זיך דערוווסט, אז איך בין באהאלטן געווען ביים ערשטן פאלאק אויף דער פארשטאט. האבן זיי מיך דארטן געזוכט און דעם פאלאק גוט צעשלאגן — האט ער זיי געזאגט, אז ער האט מיך טאקי געהאלטן, אבער מיך שפעטער ארויסגעטריבן. האבן זיי אים פריי געלאזט. און מיך האבן זיי אנגעהויבן זוכן. אין א פאר טעג ארום האבן זיי זיך דערוווסט ווער ס'האט מיך באהאלטן, האבן זיי גענומען דעם פאלאק אים אוועקגעפירט קיין יאסלא און פון דארט איז ער מער נישט צוריק געקומען.

איך האב געהערט, פון פאלאקן, אז ר' יוסף ראט (ר' אלי ראטס זון) האט אויך געלעבט באהאלטן ביי פאלאקן ביז די לעצטע צייטן פאר דער באפרייאונג, אבער עס איז פון אים קיין שום ידיעה נישטא.

עס איז ווערט צו באמערקן וויאזוי א ייד האט אויסגעזען, אין יענע צייטן, אפילו ביי גוטע גויים. דער פאלאק, ביי וועמען איך בין געווען באהאלטן צום ערשטן, איז געווען איינער פון די חסידי אומות העולם. און זיין טאכטער איז אויך דערצוייגן געווארן אין דעם גייסט. איז זי איינמאל אהיים געקומען פון שטאט און דערציילט וועגן אז אומגליק וואס עס האט פאסירט:

א ייד פון זמיגראד, א פערד סוחר, איז געגאנגען צו א קריסטליכן פערד סוחר מיט וועמען ער האט געהאנדלט פארן קריג, און אים געבעטן ער זאל אים אויסבאהאלטן. האט אים דער גוי געברענגט אין שטאט אריין איבערגעבן צו דער געסטאפא און זיי האבן אים געשאסן. איז די קויל ארויס פונם ייד און פארווונדעט א יונגען פאלאק... האט זי באדויערט: אזא אומגליק — פארווונדעט א פאלאק. דאס וואס

אין יאָר 1945 איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון פאַרבאַנד מיסטער לואיס בערנשטיין, אַ געבוירענער אין אַמעריקע, אַ זון פון רוסישע עמיגראַנטן, און כאָטש ער איז געווען מיטגליד נאָר 4 יאָר, איז ער אָבער דורך דער צייט באַליבט געוואָרן אין אַלע קרייזן פון פאַרבאַנד, און איבער־געלאָזט אַ גוטן איינדרוק אויף יעדן ווער עס האָט אים געקענט און איז געקומען מיט אים אין געזעלשאַפטלעכע באַציונגען. דער פאַקט פון אויסוויילן אַלס פּרעזידענט פון פאַרבאַנד, אַ מיטגליד וואָס שטאַמט פון עלטערן פון רוסלאַנד נישט פון גאַליציע, האָט געהאַט אַ פּאָזיטיווע באַדייטונג. און עס איז ווערט אונטערצושטרייכן אַז דער שריט — פון אַ פאַרבאַנד פון די שיכטן — האָט אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג, און איז אַ צייכן פון טאָלעראַנץ פון דער ערשטער מדרגה, אַז ער האָט זיך נישט גערעכנט מיט די פּראָווינציעלע איינרעדעניש און האָט געוויילט אַלס פּרעזידענט אַ זון פון עלטערן וואָס שטאַמען פון רוסלאַנד.

אין דער צייט האָבן אָנגעהויבן דייטלעכער קלאָר צו ווערן די שוידער־לעכע טראַגעדיע פון גרויסן חורבן וואָס האָט געטראָפן אונזערע ברידער אין אייראָפּע. עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פּרטים פון די מערדערלעכע און בעסטיאַלישע רציחות איבער ברידער, און אין די הערצער פון אונז אַלע האָט געהערשט אַ טרויער און גרויס צעשטרייונג.

מיטן אָנקומען פון די ערשטע פּערזענלעכע בריף פון די לעבן־געבליבענע בייטשער איז די איבערנעמונג און צעשטרייונג פון די בייטשער געקומען צום קולמינאַציע פּונקט. זיי האָבן פּשוט פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט צו הערן די שוידערלעכע פּרטים, איבערן טראַגישן אומקום פון בייטשער יידנטום. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז עס זענען סך הכל געבליבן נאָר 31 מענשן פון די בייטשער יידן אין גאַליציע. זיי זענען געבליבן לעבן נאָכן אַדורכגיין שרעקלעכע פּייניקונגען און ליידן וואָס קיין מענשלעכע פאַנטאַזיע קען זיך דאָס נישט פאָרשטעלן. זיי האָבן אומזיסט געוואַרט אויף נאָך לעבן־געבליבענע ,דער טרויריקער אמת איז אָבער געווען אכזריותדיק. דאָס שילדערן — פון די לעבן־געבליבענע — וואָס זיי זענען דורכגעגאַנגען אין היטלעריסטישן גיהנום, די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און דאָס לעבן דאָרט איז געווען אומעגלעך — לויטן מענשלעכן פאַרשטאַנד — צו פאַרשטיין.

עס זענען דאַן מאָביליזירט געוואָרן אַלע גייסטיקע און פיזישע קרעפטן און עס זענען געמאַכט געוואָרן אַלע אָנשטרענגונגען בכדי צו קומען צו הילף די שארית הפליטה, די איבערגעבליבענע נאָכן גרויסן חורבן. צו אָנפירן און אָרגאַניזירן די הייליקע אויפגאַבע איז נישט געפונען געוואָרן קיין אַנדערער פאַסנדער מענש ווי מיסטער שלמה קלאַץ וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן צווישן אַלע אָנצופירן מיט די הייליקע אַקציע, אויך איז ער אויס־



**Presidents of the Bieczer Society in America:**
From left to right (sitting): Charles Zimmerman (The late), Josef Eichhorn, Adolf Korzennik, Samuel Dickstein (The late), Louis Bernstein. (Standing): Samuel Klotz, Saul Unger (The late), Isidor Klotz.

געווילט געוואָרן דורך מיסטער בערנשטיין אַלס פֿאָרזיצער פֿון אויספֿירן די אַרבעט פֿון פֿאַרבאַנד וואָס איז געבונדן מיט אויסלאַנד.

מיסטער קלאָץ איז צוגעטראָטן מיט פֿיל איניציאַטיוו אויסצופֿילן די אַרבעט וואָס ער האָט אויף זיך גענומען. בכדי אויסצופֿירן מיט מער אַקטיוויטעט און אויף אַ שנעלערן אופֿן, האָט ער זיך גענומען צו הילף עטלעכע מענשן וועלכע האָבן געהייסן „דער אַקטיוו קאָמיטעט צו אָרגאַניזירן הילף״.

די עיקר אויפֿגאַבע פֿון קאָמיטעט איז געווען צו שאַפֿן שפּייז פּראָדוקטן, קליידונג און געלט. אַלס לאָקאַל צו פּאַקן און האַלטן די פּראָדוקטן און קליידער, האָט געדינט די וווינונג פֿון מיסטער לינד וועלכער האָט זי פּרייוויליק אָפּגעגעבן צו דעם צוועק. דער אַקטיוו־קאָמיטעט האָט נישט געשפּאָרט קיין אַרבעט און צייט און געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען זיך צו פֿאַרבינדן מיט אַלע בייטשער איבערן גאַנצן לאַנד. זיי האָבן אויך נישט אויסגעמיטן זיך צו ווענדן נאָך הילף צו אַנדערע נישט דווקא אָבשטאַ־מיקע פֿון בייטש. די רעזולטאַטן פֿון דער אַקציע האָבן געוויזן אויפֿן גרויסן דערפֿאָלג פֿון דער אַרבעט. עס איז ווערט צו באַצייכענען, אַז מיסטער שלמה קלאָץ האָט אויך געדינט אַלס אַדרעס ווי מען האָט זיך דורך זיין פֿאַרמיטלונג געוואָנדן וועגן פֿאַרשידענע אינפֿאָרמאַציעס, בריף אויסטויש מיט קרובים, פֿראַגען וועגן קרובים, הילף פֿאַר נייע עמיגראַנטן ביים איינ־אָרדענען זיך א.א.וו. גלייכצייטיק דאַרף אונטערגעשטראָכן צו ווערן די אַרבעט פֿון די ברידער וויינגאַסט ביים פֿירן די פֿינאַנסן וואָס זיי האָבן זייער פּראַקטיק געשטעלט צום רשות פֿון קאָמיטעט.

דעם 27טן נאָוועמבער 1946 איז אייגעאָרדנט געוואָרן אַ גראַנדיאָזער באַל, וואָס זיין ציל איז געווען, צו שפּענדן די איינקונפֿטן פֿאַרן קאָמפּיין צו געבן הילף די געליטענע בייטשער פֿון יענער זייט ים. דער ציל איז געווען צו שאַפֿן 5000 דאָלאַר. יעדער שפּענדער האָט באַקומען אַ דאַנק דאָקומענט פֿאַר זיין שפּענדונג, וואָס זענען פֿאַרשפּרייט געוואָרן דורך מיסטער יוסף (יולי) קלאָץ. ביי דער געלעגנהייט זענען פֿאַרגעלייענט געוואָרן דאַנק־בריף וואָס זענען אָנגעקומען פֿון די לעבן־געבליבענע וואָס האָבן באַקומען הילף פֿון קאָמיטעט.

אויב מיר זאָלן וועלן אויסרעכענען די מענשן וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער הייליקער אַקציע וואָלטן מיר געדאַרפֿט אויסרעכענען אַ סך נעמען וואָס דאָס איז שווער צו טון. אָבער מען קאָן נישט פֿערביי־גיין און נישט דערמאַנען די נעמען פֿון מיסטער יהודה און מיסיס ברכה בערגמאַן ז״ל וואָס האָבן געמאַכט איבערנאַטירלעכע אָנשטרענ־גונגען ביי זייער אַרבעט, ווי אויך איז ווערט צו אונטערשטרייכן דעם

מר טשאַרלס צימערמאַן וואָס איז אַ גאַרליצער, און ער האָט געשטעלט אויף אַ געוויסער צייט צו דער דיספּאָזיציע פון קאָמיטעט אַ פּלאַץ וואָס האָט געדינט אַלס פּאַקונגס־שטעלע פאַר די פּעקלעך וואָס זענען אַרויס־געשיקט געוואָרן. אין צווישנצייט איז אָנגעקומען נאָך ידיעות מיט נעמען פון מענטשן וואָס זענען ניצל געוואָרן און געבליבן לעבן, ביז נאָוועמבער 1946 זענען געווען פאַרשריבן ביז 150 מענטשן פון בייטש וואָס זענען דורך ניסים לעבן געבליבן נאָכן גרויסן חורבן און זיי האָבן געבילדעט די „שארית הפליטה" פון בייטש. דער גרעסטער טייל פון די לעבן־געבליבענע האָבן זיך פאַרבינדן מיטן פאָרזיצער פון קאָמיטעט מיסטער שלמה קלאָץ וועלכער האָט יעדן געגעבן די געהעריקע הילף. די אויסגעצייכנטע און פרוכטבארע אַרבעט פון מיסטער קלאָץ איז פאַרצייכנט געוואָרן צום שבח ביי פערשידענע געלעגנהייטן און ספּעציעל אויף באַנקעטן און צוזאַמענקונפטן פון פערבאַנד.

אין יאָר 1947 איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון פאַרבאַנד מיסטער ב. לינד, דאָס מאָל איז דער פּרעזידענט געווען אַ געבוירענער אין בייטש, ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אַרבעט און עס געלונגען צו באַקומען שפּענדונגען פאַרן קאַמפּיין פון די בייטשער — ביי אַמעריקאַנער קריסטן, און די רעזולטאַטן פון זיין אַרבעט זענען געווען זייער שיינע, מער ווי מען האָט זיך פאַרגעשטעלט.

אין יאָר 1948 איז ווידער אויסגעוויילט געוואָרן אַ בייטשער אַלס פּרעזידענט פון פאַרבאַנד, דאָס איז געווען מיסטער אליאָס זינגער דער זון פון בנימין און דבורה זינגער, פאַר מיסטער זינגער איז געווען אַ גרויסער כבוד וואָס ער איז געוואָרן פּרעזידענט, ער האָט זיך גערעכנט פאַר אַ בייטשער מיט זיין גאַנץ לייב און נפש, אויף דעם קענען אויך עדות זאָגן זיינע אַרטיקלען וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין די צייטשריפטן פון פאַרבאַנד.

אין צווישנצייט האָט זיך געענדיקט די באַפרייאונגס מלחמה אין ישראל, עס איז געשאַפן געוואָרן די יידישע מדינה, אָבער דער „קאַלטער קריג" איז נישט פאַרענדיקט געוואָרן אין די קאָרידאָרן פון דער „אונאָ". אַ סך האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן ישראל און געזען אין איר דאָס פּאָטערלאַנד פון יידישן פאָלק. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן סאָלידאַריזירונגס פאַר־זאַמלונגען מיט דער יידישער מדינה, און ביי דער געלעגנהייט זענען אויך דערמאָנט געוואָרן די 6 מיליאָן קרבנות וואָס זענען בעסטיאַליש אומגעקומען דורך די נאַציס, ווי אויך די קעמפער און העלדן וואָס האָבן העראָיש מקריב געווען זייער לעבן אויף די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ. יעדעס יאָר אין ד׳ אלול ווערן איינגעאָרדנט פאַרזאַמלונגען צום אָנדענק פון די

קדושים אין בייטש הי״ד. אין זעלבן יאָר איז פּלוצלינג געשטאָרבן מיסטער הערי לינד ז״ל. זיין טויט האָט אַרויסגערופן גרויס טרויער.

אין דער צייט איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אַקציע פון בלוט שפּענדונגען פאַרן „מגן דוד אדום״ פון ישראל, אַ סך לאַנדסלייט האָבן געשפּענדעט בלוט פאַר דעם צוועק.

אין דער צייט האָבן אויך אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות פון ישראל אַז אַ סך פון די לעבן געבליבענע יידן פון בייטש זענען עולה געוועזן. די ידיעה איז געווען אַ דערפרייענדע אָבער פון דער אַנדערע זייט איז די פרייד נישט געווען קיין פולע ווייל עס זענען נאָך געבליבן אַ טייל פון די „שארית הפליטה״ אין די לאַגערן אין דייטשלאַנד, אַזוי אַז די הילף אַהין האָט געדאַרפט פאָרטגעזעצט צו ווערן. דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט מיסטער קלאַץ האָט פאָרטגעזעצט זיין אַרבייט פון צעטיילן הילף די יידן אין די לאַגערן, קיינער איז דורך אים נישט פאַרגעסן געוואָרן און ער האָט אויסגעפירט זיין אויפגאַבע מיט איבערגעבנקייט. ווען די גרעסטעוועטע האָבן אָנגעהויבן אָנקומען קיין אַמעריקע האָט זיך מיסטער קלאַץ פערזענלעך באשעפטיקט מיט זיי און האָט יעדן געגעבן פינאַנסיעלע הילף.

אַ שווערער קלאַפּ איז געווען פאַר די בייטשער לאַנדסלייט דער פּליצלינגער טויט פון פרעזידענט פון פאַרבאַנד, מיסטער אליאס זינגער ז״ל, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1950, זיין טויט האָט דערשיטערט די בייטשער. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן ספּעציעלע פאַרזאַמלונגען צו באַערן זיין אָנדענק און אויסדריקן דעם גרויסן טרויער.

אַלס זיין פאַרטרעטער איז באַשטימט געוואָרן מיסטער שמעון וויינטרויב דער זון פון מיכל און ברײנדל. אין דער צייט פון זיין קאדענץ זענען איינגעשטעלט געוואָרן „סקריפּטן״ (טשעקן אויף שפּייז פּראָדוקטן) קיין ישראל, און די באַטרעפנדע פערזאָנען האָבן זיך געקאָנט אויסקלויבן וועלכע פּראָדוקטן זיי האָבן געדאַרפט. ער האָט דאָס געמאַכט אַזוי כדי די הילף פאַר נויטבאַדאַרפטיקע זאָל זיי ברענגען די בעסטע נוצן.

אין יאָר 1952 האָבן זיך די בייטשער גענומען גרייטן צו פייערן דעם 50 יאָריקן יובל זינט עס איז געגרינדעט געוואָרן דער פאַרבאַנד פון די בייטשער אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ביי דער געלעגנהייט זענען אויך געמאַכט געוואָרן פאָרברייטונגען צו געבן אַן „אַנערקענונגס דאָקומענט״ דעם פאָרזיצער פון קאָמיטעט צו ערטיילן הילף, מיסטער שלמה קלאַץ, פאַר זיין אויסגעצייכנטע און הערליכע אַרבעט.

און ווידער האָבן די בייטשער געליטן אַ גרויסן פאַרלוסט. זיי זענען דערשיטערט געוואָרן מיטן פּליצלעכן טויט פון דעם פרישן פרעזידענט מיסטער וויינטרויב ז״ל, ער איז נפטר געוואָרן דעם 13טן אַפּריל 1953, עס

איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג לכבוד זיין אָנדענק. אין זעלבן יאָר האָבן די בייטשער געהאַט נאָך פאַרלוסטן מיטן טויט פון מיסטער נחמן ארטישעק ז״ל און מיסיס שרה שטורם ז״ל די טאָכטער פון מיסטער פישל און מיסיס רייזל קלאַץ און די שוועסטער פון די ה״ה שלמה און איזידאָר קלאַץ וועלכע איז געשטאָרבן דעם 5טן נאָוועמבער 1953.

אין יענעם יאָר איז געפּראַוועט געוואָרן דעם 50 יאָריקן יובילעאום. ביי דער פייערונג וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד דעם יובל זענען אָנוועזנד געוועזן 400 געסט. און ווידער האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע בייטשער צוזאַמען צו פייערן דעם יובילעאום, ווי אויך אויסצודריקן אַנערקענונג דעם מיסטער שלמה קלאַץ פאַר זיין רומפולע און וויכטיקע אַרבעט וואָס ער האָט געטון פאַר די איבערגעבליבענע בייטשער. דעם מיסטער קלאַץ איז געווען שווער אויסצוהערן די אַלע לויב־געזאַנגען און דאַנק־אויסדרוקן, וואָס ער האָט באַקומען פון אַלע זייטן צוליבן טרויער איבער זיין באַליבטע שוועסטער וואָס איז קורץ פאַר דעם נפטר געוואָרן. אָבער נעמענדיק אין אַכט דעם חשובן מאָמענט פון יובילעאום, האָבן די ה״ה שלמה און איזידאָר קלאַץ באַוויליגט אָנטייל צו נעמען אין דער פייערונג טראָץ זייער טרויער.

עס איז שווער אויסצודריקן מיט ווערטער וואָס עס האָט זיך געטון אויף דעם פייערלעכן, אומפאַרגעסלעכן אָוונט. באַלד ביי דער דערעפענונג פון דער פייערונג זענען דערמאָנט געוואָרן די אומגעקומענע, און דאָס אַליין האָט שוין אַריינגעבראַכט אַן ערנסטע שטימונג אין דער פייערונג. אין פאַרלויף פון אָוונט האָט מען זיך באַרויקט און די פייערונג איז דורכגעגאַנגען נאָרמאַל. פאַרשטענדלעך אַז דער הויפּט־רעפערענט פון אָוונט איז געווען מיסטער שלמה קלאַץ וועלכער האָט געמאָלדן אַז ער האָט בדעה צו באַזוכן ישראל אין דער נאָענטסטער צייט, אין חודש מערץ פון קומענדיקן יאָר.

זיין רעפעראַט איז געווען אינטערעסאַנט און ער האָט זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויף דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט וואָס ס'איז געטון געוואָרן אין די לעצטע יאָרןביים צוטיילן הילף די נויטבאַדאַרפטיקע פון דער „שארית הפליטה״. דער פאָרזיצער פון אָוונט מיסטער לואיס בערנשטיין וועלכער האָט געדינט אַלס קאָנפעראַנסיער האָט יעדעס מאָל צו געגעבן זיין באַמערקונג פאַר די פאַרזאַמלטע און צווישן אַנדערע האָט ער פאָרגעשטעלט די רעפערענטן: מיסטער יוסף קלאַץ — רעדאַקטאָר פון דער בייטשער צייטונג, מיסטער איזי קלאַץ — סעקרעטאַר, גב׳ מרים צימערמאַן — פּרעזידענטין פון פרויען פערבאַנד, און אברהם קאָזשעניק.

דער אָוונט וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן אין האַרץ פון די פאַרזאַמלטע וואָס האָבן זיך בעטייליקט אין אים און ער האָט געגעבן דער־מוטיגונג צו ווייטערדיקע אַרבעט לטובת די בייטשער.

מיטן טויט פון מיסטער שמעון ווײַנטרויב ז״ל, איז מיסטער שלמה קלאַץ געבעטן געוואָרן ער זאָל נעמען אויף זיך צו טראָגן דעם יאָך פון פאַרבאַנד, און ער איז נאָמינירט געוואָרן אַלס פּרעזידענט. די נאָמינירונג איז אויפגענומען געוואָרן מיט סימפּאַטיע דורך אַלע. דערווייל איז די צייט געגאַנגען און עס איז אונטערגעקומען דער חודש מערץ 1954 וואָס דאַן האָט זיך מיסטער שלמה קלאַץ געדאַרפט געזעגענען צייטווייליק מיט זיין קהלה און ער איז געפאָרן אויף אַ באַזוך קיין ישראל, די בייטשער אין ישראל האָבן מיט גרויס נייגעריקייט דערוואַרט זיין אָנקומען. און ווען ער איז געקומען קיין ישראל האָבן זיי אים אויפגענומען אויף אַ האַרציקן, פייערלעכן אופן מיט אַן אָפיציעלן קבלת פנים.

די קבלת פנים פאַראַנשטאַלטונגען וואָס זענען געמאַכט געוואָרן לכבוד אים האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין דער באַציונג פון זיינע לאַנדסלייט צו אים.

סוף יולי פון זעלבן יאָר האָט זיך מיסטער קלאַץ אומגעקערט קיין אַמעריקע, מיט פיל גוטע איינדרוקן פון זיין באַזוך אין ישראל. דער באַריכט וואָס ער האָט איבערגעגעבן, האָט אַרומגענומען גריסן פון לעבן פון די בייטשער אין ישראל, זייערע פּראָגן, פּלענער און האָפענונגען אויף דער צוקונפט.

אין דעם זעלבן יאָר 1954 האָט דער פאַרבאַנד ווידער פאַרלוירן צוויי ווויכטיקע מיטגלידער, עס זענען נפטר געוואָרן מיסטער יואל קלאַץ פאַר־זיצער און אָרגאַניזאַטאָר פון די פאַראַנשטאַלטונגען אין חודש פעברואַר, און מיסטער משה יול פאַרזיצער פון דער חברה קדישא, און פּיאָנער פון פאַרבאַנד פון די בייטשער פון ערשטן טאָג אָן זינט זיין אָרגאַניזירונג — דער מאַן פון פרוי סופי יעט (פון דער הייט שטורם) אין דעצעמבער 1954.

דאָס יאָר 1957 האָט זיך דערנענטערט און מיסטער לואיס בערנשטיין איז ווידער געבעטן געוואָרן איבערצונעמען דעם אַמט פון פּרעזידענט פון פאַרבאַנד. אין דעם יאָר איז נפטר געוואָרן מיסטער יהודה בערגמאַן דער זון פון אליהו און רבקה, וועלכער איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע ביי דער אַרבעט צו צוטיילן הילף פאַר דער שארית הפליטה, אויך איז דאַן נפטר געוואָרן מיסטער ישעיה קלאַץ דער זון פון פנחס און ליובע קלאַץ. די אַלע פטירות האָבן דערשיטערט און צעבראָכן דעם גייסט פון די לאַנדס־לייט. טראָץ די זאָרג און טרויער נאָך די פאַרשטאָרבענע — וואָס דאָס איז אַ נאַטירלעכער פּראָצעס, וואָס קיינער קען אים נישט אויסמיידן — האָבן זיי געהאַט אַלע סיבות זיך צו פילן גליקלעך און לעבן אַ צופרידן לעבן.

דעם 8טן יוני 1957 איז געפייערט געוואָרן דער 70 יאָריקער יובילעאום פון מיסטער שלמה קלאַץ נ״י. דער פאַרבאַנד האָט זיך פאַרנומען — צווישן

אַנדערע — מיטן פאַרשפּרייטן די ישראל באַנדס אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, און מיסטער קלאַץ אַלס דער פאָרזיצער פון דער אָפּטיילונג פון פאַרשפּרייטן די באַנדס ביים פאַרבאַנד, האָט באַקומען ספּעציעלע כיבודים פון צענטראַל פאַרבאַנד וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פאַרשפּרייטן די באַנדס.

אין יאָר 1958 איז מיסטער מילטון מאַרגוליעס דער זון פון אברהם מאַרגוליעס געוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון פאַרבאַנד. מיסטער מאַרגוליעס איז געווען אַ געבוירענער אין אַמעריקע, און דער שריט האָט געווירקט צו דערנענטערן די יוגנט וואָס איז געבוירן אין אַמעריקא צו אַקטיווער אַרבעט אין פאַרבאַנד. אַ לענגערע צייט איז געווידמעט געוואָרן צו זוכן וועגן בכדי צו שטאַרקן די אַרבעט פאַרן קאַמפּיין פון די ביטשער, און שפּעציעל פאַר די בייטשער אין ישראל. פאַרשידענע באַריכטן זענען אָנגעקומען פון ישראל וואָס האָבן געגעבן אַ בילד איבער דער פאָרם פון דער הילף וואָס איז געגעבן דאָרט, דורך דער פאַרמיטלונג פון דער גמילות חסד קאַסע וואָס איז געווען באַשטימט צו העלפן ווידער אויפשטעלן און בויען דאָס נייע לעבן אין ישראל פון די לאַנדסלייט. דורך די שפּענדונגען פון די לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז געזאַמלט געוואָרן אַ פּרוטה צו אַ פּרוטה בכדי צו צוקומען צו דער סומע וואָס איז נויטיק צו דעם צוועק 2 טויזנט דאָלאַר.

אַ דאַנק דעם פאַרבאַנד איז אָנגעהאַלטן געוואָרן דער קאָנטאַקט צווישן די לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן מיט זייערע ברידער אין ישראל. עס זענען געמאַכט געוואָרן די געהעריקע איינריכטונגען צו דערנענטערן די יוגנט זיי זאָלן ווייטער בינדן די קייט פון פאַרבאַנד דורך פאָרזעצן די אַרבעט צווישן די לאַנדסלייט. כאָטש די אָנפירערשאַפט איז נאָך געווען אין די הענט פון די זקני העדה, האָט מען אָבער שוין געדאַרפט זאָרגן צו צוגרייטן די יוגנט אַז פון איר זאָלן זיין די שטעלפאַרטרעטער.

אין יאָר 1959 איז אויסגעוויילט געוואָרן דער יונגער אַדוואָקאַט מיסטער אברהם באַנער אַלס פּרעזידענט פון פאַרבאַנד. ער איז אַ קרוב פון דער משפחה מיסיס חיה פילפעל (פון דעם היים קלאַץ).

עס דאַרף באַמערקט צו ווערן, מיט גרויס צער, אַז צוליב פיל אָביעק־טיווע אומשטענדן איז אָבגעשוואַכט געוואָרן די אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט פון פאַרבאַנד. די סיבות פון דעם זענען צווישן אַנדערע דאָס צעשפּרייטן זיך פון די בייטשער איבער אַלע טיילן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, די השפּעה פון די טעלעוויזיע, וואָס האָט אַ נעגאַטיווע ווירקונג אויפן געזעל־שאַפטלעכן לעבן בכלל, און ממילא אויך אויפן געביט פון דער רעגולערער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פון פאַרבאַנד. און צוליב דעם דערמאָנטן באַטייליקן זיך נישט די מיטגלידער אין די פאַרזאַמלונגען, און זיי זענען

גורם צו דער אָבשוואַכונג פון דער מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די אָרגאַניזאַטאָרן.

דער טויט פון דער געשעצטער מיסיס ברכה בערגמאַן אין 10טן מאַי 1959 האָט דערשיטערט דעם פאַרבאַנד, זי איז געווען די טאָכטער פון אברהם און רבקה מעלאַמעד. די מיסיס בערגמאַן איז געווען טעטיק אויף אַלע געביטן מיט וואָס דער פאַרבאַנד האָט זיך פאַרנומען, און ספּעציעל האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט איר אַרבעט ביים העלפן די לאַנדסלייט אויף יענער זייט ים.

אין סעפטעמבער 1959 איז מיסטער קלאָץ ווידער געפאָרן קיין ישראל אויף אַ באַזוך, דאָסמאָל האָבן אים באַגלייט און זיך באַטייליקט אין דער רייזע: אירא געץ, הינדע ריבע שטורם, לאה דיקשטיין, יצחק און געטרוד שטורם, און משה און מאַלי שטיינבערג.

אין דער צייט פון זיין ווײַלן אין ישראל איז מיסטער קלאָץ באַערט געוואָרן מיטן כבוד אויפצושטעלן די סימבאָלישע־מצבה צום אָנדענק פון די קדושים פון בייטש, אויפן הר־ציון אין ירושלים. אַלע פאַראַנשטאַלטונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אין ישראל לכבוד זיין באַזוך האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין דער צייטונג פון די בייטשער.

נאָכן פאַרענדיקן די אויבנדערמאָנטע אויפגאַבע, און נאָכן פאַרענדיקן זיין אנגענעם פאַרווײַלן אין ישראל איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר מיסטער קלאָץ אַן אבשיעדס־באַנקעט וואָס אין אים האָבן זיך באַטייליקט אַלע לאַנדסלייט אין ישראל. אויך איז פאָרגעקומען אַ רירנדע געזעגנונס צערע־מאָניע אין חיפה׳ר פּאָרט. דאָס צוריקומען פון מיסטער קלאָץ — נאָך זיין באַזוך אין ישראל — קיין נוי־יאָרק איז געווען אַ וויכטיק געשעעניש. און ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט די לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז ער אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג פון די פאַרזאַמלטע. בעת זיין באַזוך איז געגרינדעט געוואָרן אַן אָפיציעלע „גמילות חסד״ קאַסע בכדי אנטקעגן צו קומען די נויטבעדערפטיקע אין הלוואות.

דער באַריכט פון מיסטער קלאָץ נאָך זיין רייזע אין ישראל נעמט אַרום צווישן אַנדערע, אַ שילדערונג פון לעבן פון די ברידער אין ישראל, זייער ווירטשאַפטלעכע לאַגע אין לאַנד וואָס געפינט זיך אין גאַנג פון גרויס אַנטוויקלונג, און וועגן די קעגנזייטיקע באַציונג ביי די בייטשער צווישן זיך. אַלס צייכן פון אַנערקענונג און אַלס אָנדענק האָט מען געגעבן דעם מיסטער קלאָץ אַ „הגדה של פסח״ אין אַקינסטלעכע אויסשטאַטונג.

אין יאָר 1959 איז אויסגעווײַלט געוואָרן מיסטער מערווין קלאָץ דער זון פון פנחס קלאָץ און פאולינע קלאָץ, אַ געבוירענער אין אַמעריקא — אַלס פינאַנס סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד.

ווידער זענען אונז אָנגעזאָגט געוואָרן אומעטיקע און טרויעריקע ידיעות מיטן טויט פון מיסיס חיה פילפל פון דערהיים קלאַץ, און פון מאַרקוס גראָס.

אין יאָר 1960 איז פאָרטגעזעצט געוואָרן דאָס פאַרשפּרייטן די ישראל באָנדס אין אַ גרויסן פאַרנעם. ביי היינט צו טאָג געפינט זיך צום קרעדיט פון די בייטשער מיט באָנדס (אָבליגאַציעס) און דער ווערט פון טויזענטער דאָלאַרן וואָס זענען פּראָטעזשירט געוואָרן דורך מיסטער קלאַץ. דער פאַר־באַנד האָט געקויפט באָנדס (אָבליגאַציעס) פאַר 4 טויזענט 700 דאָלאַר — דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון פאַרבאַנד.

צו דער אויספירונג דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן אַז די אַלע הילפס אַקציעס פאַר די בייטשער פון יענער זייט ים האָבן באַטראָפן די סומע פון 22 טויזענט 89 דאָלאַר און 47 סענט (22,89,47 דאָלאַר). צום שלוס דאַרף געזאָגט ווערן, אַז די צוקונפטיקע טעטיקייט פון פאַרבאַנד פון די בייטשער אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז אָבהענגיק אין זייערע נאָכ־פאָלגער — דעם יונגן דור, — וואָס אינצווישן־צייט — האָבן זיי די מעגלעכקייט און זכות צו לעבן אין דער מחיצה פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון פאַרבאַנד, און זיי קענען פון זיי לערנען כדי פאָרטצוזעצן די טראַדיציע פון זייערע עלטערן (מסורת האבות). אויב זיי וועלן אַזוי טון וועלן זיי דינען אַלס מוסטער און צייכן פאַר די וועלכע וועלן פאָרטזעצן נאָך זיי.

אויב מען וויל אויסרעכענען אויך די פיל פאַרביקע טעטיקייט פון דער שיינער פאַרגאַנגענהייט פון פאַרבאַנד טאָר נישט פאַרגעסן ווערן די פאַר־צווייגטע אַרבעט וואָס איז געטון געוואָרן פאַר די ברידער פון יענער זייט ים, און די אָפטע פאַרזאַמלונגען און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, און די ציטונג וואָס איז אַרויסגעגעבן און פאַרשפּרייט געוואָרן דורכן פאַרבאַנד. און די ווידעראויפבויאונגס טעטיקייט און הילף וואָס איז געגעבן געוואָרן פאַר לאַנדסלייט אין פאַרשידענע פאָרמען. דער פאַרבאַנד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פאָלקס באַוועגונג. וואָס יעדן איז געווען באַוווסט זיין אַדרעס און האָט זיך צו אים געוואָנדן סיי אין צייט פון נויט און סיי אין צייט שמחה און פרייד.

לאָמיר האָפן אַז דער פּלאַן וואָס איז אָנגעצונדן געוואָרן, וועט נישט פאַרלאָשן ווערן, און די פּרינציפּן וואָס האָבן געדינט די גרינדער און פיאָנערן פון פאַרבאַנד ביים גרינדן אים, וועלן דינען אַלס סימבאָל און וועגווייזער פאַר די יונגע נאַטירלעכע יורשים וואָס וועלן פאָרטזעצן די טעטיקייט פון פאַרבאַנד. עס מוז נאָך מער פאָרטגעזעצט ווערן די ענגע באַציונגען מיט מדינת ישראל און ספּעציעל מיט אַלעמען וואָס איז פאַרבונדן מיט איר אַנטוויקלונג, ווי אויך דער ענגער צוזאַמענבונד מיט די בייטשער לאַנדסלייט אומעטום ווי זיי געפונען זיך.

עס דאַרף אַלס געטון ווערן צו נאָנטע און פריינדליכע פאַרבינדונגען מיט זיי פאַר זייער ווילזיין און גליק.

זאָלן די טעטיקייט פון מיסטער שלמה קלאַץ דינען אַלס מוסטער פאַר אַלס וואָס איז פאַרבונדן מיט ברידערלעכע ליבשאַפט און פריינדשאַפט. און דאָס געבורטס שטעטל בייטש זאָל דינען אַלס סימבאָל און צייכן ביי אַלע אומשטענדן. סיי אין נויט און סיי אין פרייד זאָלן די בייטשער זיין געבונדן צווישן זיך מיט אַ שטענדיקן בונד וואָס קאָן קיינמאָל נישט איבערגעריסן ווערן.



מר שלמה קלאַץ באגריסט דעם מלוכה פּרעזידענט פון מדינת ישראל — מר יצחק בן-צבי



גב׳ הינדה ריבה קלאץ ע״ה
אשת ר׳ אהרון קלאץ ז״ל

הערה: בדף 209 הוחלפה בטעות התמונה של האשה דאבה (די בעקערין) וינטרויב ע״ה.

# מצבת־עד

לעלוי נשמתם של הורינו, אחינו ואחיותינו הקדושים
שנספו על קידוש השם ביום השואה הגדול
ו׳ אלול תש״ב, בתוך קדושי בייטש

הרה״ג ר׳ **משה צבי** ב״ר ברוך נחמן **נוימן**
אשתו **זיסל** בת ר׳ נתן נטע שטיין **הי״ד**
אחינו **אשר זליג, שלמה יצחק, יעקב וואלף,**
**אלי, יוסף**
אחיותינו **רויזה טובה, רעכיל, רייזיל**
**הי״ד**



רויזה טובה הי״ד — אשר זליג הי״ד

---

נמסר לדפוס ע״י בניהם מר אברהם נוימן — חיפה,
ומרת פנינה טוגנדהפט — נתניה.

אברהם זינגער — רמת־גן

# ארגון „יוצאי בייטש״ אין ישראל

דער ארגון יוצאי בייטש אין ישראל איז איינער פון די יינגסטע אָרגאַניזאַציעס אין ישראל, און ער רעכנט זיך אַלס אַ פרישע פלאַנצונג אויפן באָדן פון די לאַנדסמאַנשאַפטן אין ישראל.

די געשיכטע פונם „ארגון״ הויבט זיך אָן מיט דער געשיכטע פון דער עליה פון די בייטשער קיין ישראל אָבער ליידער איז פון בייטש נישט געווען קיין גרויסע עליה קיין ארץ ישראל — אפילו אין די באַגריפן פון דעם קליינעם שטעטל בייטש — בסך הכל זענען פון בייטש עולה געווען קיין ישראל ביז צו דער 2־טער וועלט מלחמה אַ 8—7 פאַמיליעס.

יעצט מיטן אָנהויבן זיך פון דער גרויסער מאַסן עליה, נאָך דעם גרויסן חורבן וואָס עס איז געשען אונזער פאָלק אין אייראָפּע, זענען אויך אָנגעקומען צענדליקער משפחות פון דער שארית הפליטה, וועלכע זענען ניצל געוואָרן נאָכן גרויסן חורבן, ערשט האָט זיך אַרויס געוויזן די נויט־ווענדיקייט פון שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פון די לאַנדסלייט, ווו עס זאָל זיין אַן אַדרעס און ווענד־פונקט פאַר די בייטשער אין ישראל. און דער ארגון וואָס איז צו דעם צוועק געשאַפן געוואָרן האָט אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון די בייטשער אין ישראל, און דינט אויך אַלס צענטראַל פונקט פאַר די גייסטיקע און סאָציאַלע באַדאַרפענישן פון די לאַנדסלייט.

דער ארגון האָט נישט צו באַווייזן קיין ספּעציעל גרויסע אויפטועכצן פאַר די לאַנדסלייט אין ישראל, ער האָט נישט געהאַט קיין גרויסע מעגלעכ־קייטן אויסצופירן פראָדוקטיווע און סאָציאַלע טעטיקייטן לטובת די לאַנדס־לייט, ווייל ווי באַוווסט זענען זיינע פינאַנסיעלע מעגלעכקייטן געווען באַגרענעצטע און האָט נישט געהאַט דעם געהעריקן בודזשעט דאָס דורכ־צופירן. דאַקעגן אָבער איז געלונגען דעם „ארגון״ אויפצוועקן דעם גייסטיקן און מאָראַלישן קאָנטאַקט צווישן די לאַנדסלייט, עס איז אים געלונגען צושאַפן אַ גייסטיקע פאַרבינדונג, אַ ברידערלעך צוזאַמענלעבן און אַ האַרציקע באַציונג פון איינעם צום צווייטן. אַ דאַנק דעם ארגון איז געשאַפן געוואָרן אַ קירבת לבבות און דאָס קומט צום אויסדרוק אין פריידן און אין ליידן, און מען טיילט זיך מיט די געשעענישן ביי וועלכע אומשטענדן זיי זאָלן נישט פאָרקומען. דאָס זעט זיך אויך אָן ביי די יערלעכע אזכרות, און ביי אַנדערע געלעגנהייטן ווען די לאַנדסלייט קומען זיך צונויף, דאַן קען מען באַמערקן די פריינדשאַפט און קעגנזייטיקע צוגעבונדנקייט איינער צום

צווייטן, מען פריידט זיך ווען מען טרעפט זיך און מען באַגריסט זיך וואַרם און מען פירט אינטימע געשפּרעכן.

לעצטנס האָט זיך דער ארגון קאָנסאָלידירט, צעמענטירט זיינע כוחות, פאַרשטאַרקט זיין טעטיקייט, און איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ פעסטן געזונטן באָדן. און דאָס אַ דאַנק אונזערע אַמעריקאַנער לאַנדסלייט מיט דעם באַליבטן טשערמאַן מיסטער שלמה קלאַץ אין דער שפּיץ, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט אין ישראל אַ גמילות־חסדים קאַסע מיט אַ שיינע סומע געלט. די לאַנדסלייט הויבן אָן צו אָנערקענען און זיך איבערצייגן אַז דער ארגון דינט פאַר זיי אַלס „ליכט־טורם" וואָס קומט זיי צו הילף ווען זיי נויטיקן זיך אין אים און דאָס נישט בלויז אין מאַטעריעלע נאָר אויך אין מאָראַלישע הילף. דער ארגון ווערט וואָס אַמאָל מער איינגעביר־גערט אין לעבן פון די בייטשער אין ישראל, וואָס פילן אַ נויטוועגדיקייט אין זיין עקזיסטענץ. און דאָס פילן נישט בלויז די געבוירענע בייטשער, וואָס זיי איז נאָנט און טייער און טיף איינגעבאַקן אין האַרצן דאָס קליינע שטעטעלע בייטש — נאָר אויך די „צאַברעס" פון צווייטן און דריטן דור אין ישראל וואָס קענען בייטש בלויז פון הערן. אויך פאַר זיי איז בייטש געוואָרן נאָנט ווו דאָס געבורט שטעטל פון זייערע עלטערן און זיי אינטערע־סירן זיך מיטן „ארגון פון יוצאי בייטש".

אַ גרויסע מאָס פון דערהויבן דעם פּרעסטיזש פון אונזער ארגון און דאָס אַרויסרופן דעם אינטערעס פאַר זיין עקזיסטענץ — איז צו פאַרדאַנקען דעם דערשיינען פון דעם ספר הזכרון פון בייטש. וואָס דורך דעם האָט זיך אויך אונזער ארגון געשאַפן אַ פּאָזיציע און אָנערקענונג צווישן די אַלגעמיינע לאַנדסמאַנשאַפטן אין לאַנד. און דאָס וויכטיקסטע אַ דאַנק דעם בוך וועלן אונזערע קינדער און די קומענדע דורות קענען לערנען וועגן לעבן און שאַפן פון אונזער שטעטל, פון די קולטורעלע, גייסטיקע און הומאַ־ניטאַרע אוצרות פון „בייטשער יידנטום".

***

ביי דער געלעגנהייט אין כדאי אונטערצושטרייכן דעם אָנטייל פון דעם הייפל בייטשער יידן אין ישראל, אין דעם לעבן און שאַפן פון דער יידישער מדינה. פיל פון די בייטשער יידן פאַרנעמען פּאָזיציעס אין ווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן, ספּעציעל זענען די בייטשער שטאַלץ אויף די פאַרטיי־דיקונגס כוחות אין דער מדינה וואס זיי האבן געגעבן אין דער באפרייונגס־מלחמה, אין קאַמף פאַר דער אַנטשטייונג פון דער מדינה האָבן זיך בייטשער יוגנטלעכע באַטייליקט אַקטיוו. און דאָ איז ווערט צו דערמאָנען איינעם

פון די העלדן פון אונזער פאָטערלאַנד, דעם העלדישן קאָמאַנדיר און קעמפער ר א ו ב ן ע ר ל י ך (אחיעז) ז״ל — דער זון פון משה און פייגע פון הדרה, אַ אייניקל פון ר׳ ישראל שוחט און ר׳ בעניע אייכהאָרן ז״ל פון בייטש — וואָס איז העלדיש געפאַלן ביי די קאַמפן אין גליל, ווי אויך מ ש ה ו ו ע ר נ ע ר ז״ל וועלכער איז ניצל געוואָרן נאָכן גרויסן חורבן און איז געפאַלן ביים פאַרטיידיקן פון גוש עציון.

ביז היינטיקן טאָג געפינען זיך צווישן די פאַרטיידיקונגס כוחות אין דער מדינה, יוגנטלעכע, וואָס זענען געבוירן אין בייטש און פאַרנעמען וויכ־טיקע פאָזיציעס אין די פאַרטיידיקונגס כוחות אין דער מדינה. צווישן זיי די ברידער רעעה און ה׳ משה וואגשאל, דער זון פון פנחס, וועלכער האָט דערגרייכט צו ווערן אַ סגן אלוף (קאָלאָנעל) אין צה״ל, איינער פון די קעמפער קעגן די אַראַבישע אַריינדרינגלער אין די יידישע ישובים, ביי דער באפרייונגס־מלחמה אויף פאַרשידענע פראָנטן נאָך אין דער צייט פון „הגנה״.

מען דאַרף אויך דערמאנען אונזערע חשובע חברים ה׳ יוסף בערגער און ה׳ אריה הייטלינגער, וואס זענען געווען אקטיב אין דער „יידישער בריגאַדע״ געקעמפט געגן די היטלער־אינוואַזיע אין אייראָפּע און געהאָלפן מיט גרויס מסירות־נפש ראטעווען יידישע פליטים פון דער „עמק הבכא״.

אויך דעם חשובן חבר ה׳ זעליג נוסבוים, איינער פון די וויכטיקע אנפירער פון דער אונטערגרונט־באוועגונג „אצל״, אין דער מלחמת השחרור פון די יידישע מדינה, וועלכער איז שטארק פארפאלגט געווארן דורך די ענגלענדער ווען זיי זענען דא געווען, ביי דער מאכט, און דורך זייער מיליטער־געריכט פארמשפט געוואָרן אויף 10 יאָר טורמע.

נאָך דער ענטשטייונג פון דער מדינה איז ער באפרייט געווארן, געווארן מאביליזירט אין דער יידישע ארמיי און זיך באטייליקט אין דער באפרייונגס־מלחמה.

עס איז אויך וויכטיק צו אונטערשרייכן דאס ה׳ נוסבוים איז געווען דער ערשטער עולה פון בייטש, וואס איז געקומען אין לאנד „אומלעגאל״, נאך אים זענען נאך געקומען אויך די חברים בערגער און הייטלינגער און צוזאַמען זענען זיי מאָביליזירט געוואָרן אין דער „פלוגות הגיוס״ במשך פון צוויי יאר.

## חברי הוועדה של הארגון והגמ"ח של יוצאי בייטש והסביבה בישראל



יעקב קופל אטינגער



אברהם זינגער



יהודה לייב בלום



פנחס וואגשאל



אברהם נוימאן



יאנינה אסט



דבורה וויינפעלד



יוסף בערגער

# שלוס־ווארט

די געשריבענע קאַפּיטלען זענען געווידמעט קודם־כל די אָפּשטאַמיקע און לעבן־געבליבענע זין און טעכטער פון אונזער שטאָט, פון דער האַרציקער, און קליינער יידישער קהילה — בייטש, צעשפּרייט און צעוואָרפן איבער גאָר דער וועלט לעבן לאַנדסלייט וואָס געדענקן נאָך די אויפקום און בלי־יאָרן אין אונזער אַמאָליקער היים.

מיט דעם באַשריבענעם האָב איך נישט געוואָלט אָפּפרישן סתם זכרו־נות, איך האָב אַפילו בשום אופן נישט געוואָלט נאָכקומען דעם אייגענעם אינערלעכן פאַרלאַנג צו פאַרצייכענען און פאַרפיקסירן דעם היימישן שטע־טלשן עבר, איבערלעבונגען און געשעענישן מחמת איך האַלט זיך נישט אַזוי ראוי דערצו. די איינציקע כוונה און ווילן מיינער מיט דעם דאָזיקן פּרווו איז צו פאַראייביקן לכל הפחות דאָקומענטאַר — אין דעם פאָרם פון אַ „ספר זכרון“ — די קהילה וואָס איז צווישן הונדערטער יידישע קהילות אומגעבראַכט געוואָרן אין אונזער דור, פאַר אונזערע אויגן.

חדשים און יאָרן ווי ס'מאַטערט מיך דער געדאַנק, רויבט אַוועק מיין רו און דעם שלאָף ביינאַכט, וועלן מיר טאַקע בלייבן ביי דעם טיפן גלייכ־גילט? ס'ווייטיקט דאָס האַרץ און ס'פאַרביטערט די מחשבה: זענען מיר נישט בכוח צו שטעלן די באַשיידנסטע און נויטיקסטע מצבה אויף דער שטאָט וווּ מיר זענען געבוירן, געלעבט און געאָטעמט? געווען אַ קליינע קהילה, אָבער מיט אַזויפיל טיף־יידישער טראַדיציע, מיט דורות־דיקער פאַרוואָרצלטקייט, מיט תלמידי־חכמים און משכילים, יידן האַראָפּאַש־ניקעס און ברייט האַרציקע נדיבים. אַ קליינע שטאָט מיט אייגענע אַספּי־ראַציעס, אָן אייגן לעבן צווישן מזרחדיקן און מערבדיקן גאַליציען. מיט אייגענע אויפגעבויטע אינסטיטוציעס, אַנשטאַלטן און בתי מדרשים און דאָס אַלץ איז אָפּגעמעקט געוואָרן ביזן יסוד, אומגעקומען און נישט מער. דאָס איינציקע וואָס איז געבליבן איז דער בית־הקברות און מיטן אַוועקגיין פונם לעצטן ייד פון בייטש איז אפילו דאָס אָפּהיטן דעם איינציקן איבערבלייב שוין אויך אין פרעמדע הענט. און ווער ווייסט אויף ווי לאַנג? אונזער יידישע דערפאַרונג האָט שוין געלערנט אַז דאָרט ווו ס'איז נישטאָ קיין לעבעדיק־לעבן איז אַפילו דער בית־עולם אויך נישט זיכער.

דער „ספר־זכרון“ האָט קודם־כל אַ גרויס חשיבות פאַר אונז איבער־געבליבענע בייטשער יידן אין דער גאָרער וועלט — און דאָס בוך דאַרף

זיך געפינען אין יעדער שטוב, כדי זיך מתייחד צו זיין, כאָטש איינמאָל אין יאָר, אין יום הזכרון, מיט די הייליקע נשמות. אמת, מיר זענען צעבראָכן און דערשלאָגן פון דעם גרויסן אומגליק, אָבער דאָך ווייסן מיר אָפּצושאַצן דעם גרויסן גייסטיקן ווערט פאַר וועלכן די קדושים זענען אַוועק אויף קידוש השם.

שנית דאַרף דער „ספר הזכרון" איבערבלייבן פאַר די קומענדיקע דורות ווי אַ דאָקומענט, אַ פּראָטעסט־געשריי, קעגן דער פרייער אַכזריות־דיקער וועלט וואָס האָט זיך קאַלטבלוטיק צוגעקוקט ווי מען האָט אויס־געהרגעט 6 מיליאָן יידן און האָבן נישט פּראָטעסטירט. איר געוויסן האָט זיך אַפילו נישט אַ ריר געטון. אַזעלכע „יזכור ביכער" דאַרפן דערשיינען אין די הונדערטער, אין די טויזענטער — אויף יעדן אָרט ווו עס האָט נאָר געטראָטן אַ יידישער פוס — און דאַרף אויסדריקן אונזער פאַרביטערונג און דעם צאָרן פון די יידישע מאַסן אין די תפוצות קעגן די פאַראַנטוואָרט־לעכע פון דער דאָזיקער שחיטה, און קעגן די, וואָס זענען מיט זייער פּאַסיוויטעט געוואָרן שותפים צו דער רציחה.

דער „ספר הזכרון" דאַרף זיין אַ וואָרנונג פאַר אונז און פאַר די קומענדע דורות, אַז עס זאָל אויף קיין מינוט נישט פאַרגעסן ווערן דער דאָזיקער באַרבאַריזם וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן אונזער פאָלק.

דער געבאָט, פון פאַר דריי טויזנט יאָר, וואָס איז באַפוילן געוואָרן אין אונזער תורה: „זכור את אשר עשה לך עמלק" דאַרף תמיד שוועבן פאַר אונזערע אויגן. דאָס געבאָט האָט אונז געגעבן דעם כוח בייצושטיין און גובר זיין אַלע די וועלכע האָבן אונז געוואָלט עוקר זיין. דער צאָרן און פאַרביטערונג קעגן אונזערע שונאים דאַרף זיך שטאַרקן און דאַרף נישט אויפהערן אויף איין רגע!

רוצחים, וואָס זייערע הענט זענען געטונקן אין בלוט פון אונזערע קדושים דרייען זיך אַרום אויף דער פריי — זייער חוצפה שטאַרקט זיך און ווייזן אַפילו נישט אַ שמץ פון חרטה. איז דעריבער זאָל אָן אויפהער קלינגען אין אונזערע אויערן דער רוף:

לא תשכח! „נישט פארגעסן!"

**פנחס וואגשאל**

## זָכוֹר אֶת שׂוֹנֵאת יִשְׂרָאֵל...

זְכֹר אֶת שׂוֹנֵאת יִשְׂרָאֵל, זְכֹר אֶת הָאָבְדָן וְאֶת הַמֶּרִי,
וְהָיוּ לְךָ לְאוֹת וּלְלֶקַח לִשְׁנוֹת דּוֹר וָדוֹר;
וְנִלְוָה הַזִּכָּרוֹן הַזֶּה אֵלֶיךָ תָּמִיד – בְּלֶכְתְּךָ בַדֶּרֶךְ
וּבְשָׁכְבְּךָ וּבְקוּמֶךָ;
וְאֵרַשְׂתָּ לְךָ לְעוֹלָם זֵכֶר אַחִים אֲשֶׁר אֵינָם עוֹד;
וּבָא הַזֵּכֶר בִּבְשָׂרְךָ בְּדָמְךָ וּבְעַצְמוֹתֶיךָ;
חֲרֹק שִׁנֶּיךָ וּזְכֹר; בְּאָכְלְךָ אֶת לַחְמְךָ – זְכֹר; בִּשְׁתוֹתְךָ
אֶת מֵימֶיךָ – זְכֹר; שִׁיר כִּי תִשְׁמַע – זְכֹר; בִּזְרֹחַ
הַשֶּׁמֶשׁ – זְכֹר; וּבְבֹא הַלַּיְלָה – זְכֹר; וּבְיוֹם
חַג וּמוֹעֵד – זָכֹר תִּזְכֹּר;
וּבַיִת כִּי תִבְנֶה וְהִשְׁאַרְתָּ בּוֹ פֶּרֶץ, לְמַעַן יִהְיֶה חֻרְבַּן
בֵּית יִשְׂרָאֵל לְנֶגְדְּךָ תָּמִיד;
וְשָׂדֶה כִּי תַחֲרֹשׁ וַהֲקִימוֹתָ בּוֹ גַּל אֲבָנִים – גַּלְעֵד
לְאַחִים אֲשֶׁר לֹא בָאוּ לְקֶבֶר יִשְׂרָאֵל;
וּלְחֻפָּה כִּי תוֹבִיל אֶת בָּנֶיךָ וְהֶעֱלִיתָ עַל רֹאשׁ
שִׂמְחָתְךָ אֶת זֵכֶר הַבָּנִים אֲשֶׁר לְחֻפָּה לֹא עוֹד
יוּבָלוּ;
וְהָיוּ לְאֶחָד: הַחַי וְהַמֵּת; הֶחָלָל וְהַשָּׂרִיד; אֲשֶׁר
הָלְכוּ וְאֵינָם – וַאֲשֶׁר נִשְׁאֲרוּ לִפְלֵטָה;
שְׁמַע, אִישׁ יִשְׂרָאֵל, לַקּוֹל הַקּוֹרֵא אֵלֶיךָ מִמַּעֲמַקִּים:
אַל דָּמִי לָךְ אַל דֳּמִי.

ד״ר מ. דבורז׳צקי

# „הנה המצבה הזאת..."

מיט אַ ציטערדיקע האַנט און ערפורכט גיבן מיר איבער אונזערע שוועס־טער און ברידער אין בייטש דעם „ספר הזכרון" פון אונזער קהילה, וואָס האָט עקזיסטירט הונדערטערע יאָרן און איז מער נישטאָ, וואָס אירע קינדער און אויפבויער זענען אַוועק אין פלאַמען אויף קידוש השם.

דאָס ספר אַנטהאַלט אין זיך קאַפּיטלעך פון היסטאָריע, שילדערונגען פון שטייגער־לעבן, פּערזענלעכקייטן, אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, זכרונות וועגן לעבן און אומקום פון אונזער שטעטל, ווי אויך האַרצ־רייסענדע גרויל־סצענעס פון די בלוטיגע „אַקציעס" אין געטאָ ביז צו דער ענטגילטיקער ליקווידאַציע פון בייטש.

דאָס ספר וועט אייביג דערציילן וועגן אונזער פּרעכטיקע קהילה, וועגן איר לעבנס־גאַנג, וועגן איר שפּראָדלדיק רעליגיעז און יידיש קולטור־לעבן וואָס האָט זיך געצויגן אַ סך דורות און האָט זיין חותם אַוועקגעלייגט אויף יעדער יידישע שטוב, אויף יעדער גאַס, אויף יעדער שטיין אין בייטש.

דאָס ספר אַנטהאַלט אין זיך קאַפּיטלעך פון היסטאָריע, שילדערונגען געזאַנג איז איבערגעריסן געוואָרן מיטן באַווייזן זיך פון די נאַצישע רוצחים, אַ מצבה פאַר די טויזנטער וואָס זענען פאַרברענט, געמאָרדעט און דערוואָרגן געוואָרן לעבעדיקערהייט אין די געטאָס און אין די טויט־לאַגערס אין דער פינסטערער צייט פון דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע וואָס האָט געטראָפן אונזער דור.

זאָל דאָס דאָזיקע ספר, אָט די פּאַפּירענע מצבה אויך זיין אַן אָנדענק פאַר די הונדערטער מצבות, וואָס זענען ברוטאַל אַרויסגעריסן געוואָרן פונם בייטשער „בית עולם" און געוואָרן פלאַסטער־שטיינער פאַר די גאַסן פון בייטש, וואָס איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידן.

דאָס יזכור־ספר און קלאָג־בוך איז די איינציקע מצבה וועגן אַ שטאָט וואָס האָט עקזיסטירט און אירע קינדער זענען פאַרטריבן און אויס־געמאָרדעוועט געוואָרן — אַ בוך וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך אַ קליין הייפעלע וואָס איז איבערגעבליבן לפליטה און האָבן אויף זיך גענומען אויפצושטעלן דעם דענקמאָל.

זאָל דאָס ספר דערציילן וועגן טאַטע און זין די נאָכוואַקסנדע דורות: אוראייניקלעך ס'זאָל אָפּגעהיטן ווערן דער אָנדענק פון אונזער קהילה קדושה, און ס'זאָל קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן דער זכר פון די קדושים.

יתגדל ויתקדש...

*

צום שלום פונם „ספר הזכרון" דאַרפן באַגריסט ווערן מיט אַ ברידערלעכן יישר כוח די אַלע וואָס האָבן זיך באַטייליקט אינם שאַפן דאָס יזכור בוך און אין באַרייכערן זיין אינהאַלט, און אויך די וואָס האָבן מיטגעהאָלפן מיט ראַט און טאַט, מיט געלט מיטלען, דאָס דערשיינען פונם ספר.

אַ באַזונדערן דאַנק קומט אונזער חשובן און באַליבטן חבר אין ניו-יאָרק מיסטער ש ל מ ה ק ל א ק און דעם בייטשער סאָסייעטי אין אַמעריקע פאַר זייערע קאָנסטרוקטיווע אַרבעט פאַרן בוך

זאָלן אונזערע ווינשן באַגלייטן אַלע אונזערע בייטשער שוועסטער און ברידער אין אַמעריקע און אין ישראל — לחיים טובים ולשלום!

און מיטן אויפבוי פון מדינת ישראל זאָלן מיר אַלע געטרייסט זיין!

הועדה להנצחה והוצאת „ספר הזכרון"
לקדושי קהילת בייטש והסביבה.





**ל מ ע ל ה: לאה אשת ר׳ לייב געטץ ושני בניה זלמן ופישל.**
**ב א מ צ ע: יעקב געטץ אשתו גולדה ובניהם: הינדה ריבה, לייביש, אסתר ויצחק (החי כעת באמריקה), ראובן ורחל געטץ.**
**ל מ ט ה: שמואל דיללער אשתו אכתר ובתם הינדה ריבה; יעקב זינגער, הינדה ריבה דיללער והילד שלמה בן משה ומרים וילק. הי״ד**

---

נמסר לדפוס ע״י אהרן געטץ, יצחק געטץ (אמריקה) ואברהם זינגער (ישראל)

# מצבת עד

לזכר נשמת אבי היקר, הקדוש



ר׳ **יוסף** ב״ר אייזיק **יוזעפסטאל** הי״ד

ואמי היקרה מרת **איידל** בת ר׳ מענדיל ורייזל וויינברגער ז״ל

נפטרה בשנת 1942 ברוסיה



אחי היקר **פנחס** הי״ד

ואחותי **צלינה** ז״ל, נפטרה בשנת 1943 ברוסיה

---

נמסר לדפוס ע״י בתם ואחותם **יאנינה אסט**, בני־ברק

## מצבת עד

לזכרה של משפחת

ר׳ **אליעזר** ב״ר יהודה וחוה גיטל **גולדברג** ז״ל

אשתו **רבקה** בת ר׳ משה וגיטל בלום ע״ה

בנותיהם: הענע, טויבה ומשפחותיהם

בניהם: יהודה, אלימלך ז״ל

---

## מצבת עד

לזכרה של משפחת

ר׳ **זיינביל** ב״ר יעקב **בארגעניבט** ז״ל

אשתו **שרה** ע״ה

בנותיהם: מלכה טעמע, פריל ואטיל הי״ד

בנם: אייזיק

---

נמסר לדפוס ע״י משפחות בלום—ברגר—וגשל ת״א

## מצבת עד

לע"נ אשת נעורי ואמי היקרה, הטובה

מרת **טריינה בלום** בת ר' יהושע קופליק הי"ד



שנספתה מתוך יסורים על־אנושיים בשנות השואה

(ראה למעלה דף 144)

---

**לזכרה אנו מקדישים תרומה להוצאת הספר של בייטש**

יהודה לייב בלום ובתו שושנה (רייזל) שיינמן — תל־אביב

# מפתח השמות

(+ — תמונה)

מהוין לשמות הקדושים



שמש בית הכנסת בבייטש

ר׳ אלעזר דריליך ז״ל

נפטר בגיל 105 שנה

# התוכן:

# תיקוני טעויות

| עמוד | שורה | בדפוס | צ״ל |
|---|---|---|---|
| 24 | 30 | אפשטיין | אקשטיין |
| 45 | 9 | ר׳יהושע ברנדר | ר׳ אלישע ברנדר |
| 63 | 11 | ר׳ יצחק שאול | ר׳ שאול ליפא |
| 97 | 18 | אין | און |
| 97 | 19 | די הארן | די כאָרן |
| 106 | 4 | פארטי | פארטיק |
| 198 | 8 | שימה לב | שימה לה |
| 209 | (התמונה) | אשת ר׳ אהרן קלאץ ז״ל | תמונת האשה דאבע וינ־טרויב (די בעקערין) |
| 234 | 1 | „מיידאנק״ | „בעלזשעץ״ |
| 239 | 6 | פסח תשפ״ח | פסח תרפ״ח |
| 261 | 2 | ר׳ יעקב קורץ ז״ל | ר׳ יעקב יהושע קורץ ז״ל |
| 326 | 22 | משה יול | משה יוס |

# Beitcher Society's Membership Roster

(AS OF AUGUST 20th, 1962)

Alter, Jerome
Banner, Abraham
Beck, Benjamin
Beck, Mrs. Pearl
Beller, Sidney
Berg, Mrs. Malvina
Berger, Irving
Berkowitz, Irving
Bernstein, Louis
Bleichfeld, Kalman
Blumenkranz, Sadie
Briskman, Saul
Brandus, Mrs. Phyllis
Chananau, Alexander
Chananau, Harold
Chananau, Louis
Citron, Mrs. Beckie
Citron, Bernard
Citron, Stephen B.
Cohen, Lawrence
Corn, Alfred J.
Dickstein, Mrs. Leah
Davidson, Morris
Eder, Nathan
Eichhorn, Harry
Eichhorn, Joseph
Eichhorn, Nathan
Ertes, Herman
Ertes, Milford
Ertes, Nathan
Ertes, Mrs. Rose
Erteschik, Harry
Feigenbaum, Mrs. Regina
Feigenbaum, Samuel
Firestone, Sigmund
Fleisher, Nathan
Freundlich, Mrs. Rose
Geldzahler, Samuel
Geldzahler, Victor
German, Dr. David P.
Goetz, Aaron
Goetz, Ira
Goetz, Lionel
Goetz, Philip
Goldfarb, Mrs. Sylvia
Gross, Lewis
Gross, Dr. Philip
Haberfeld, David
Hartman, Arnold
Hartman, Harry
Hirschfeld, Jacob
Hirschfeld, Morris
Jacoby, Joel
Judd, Abraham
Judkowitz, Albert
Kalb, Charles
Katz, Rose
Kenigstein, Mrs. Regina (F)
Klein, Charles
Klein, Morris
Klein, Sidney
Klotz, Arthur
Klotz, Isidore
Klotz, Leo
Klotz, Marvin
Klotz, Paul
Klotz, Paul N.
Klotz, Philip
Klotz, Philip A.
Klotz, Samuel
Klotz, Mrs. Viola
Kornfeld, Leon
Korzenik, Abraham
Krieger, Jacob
Kurz, Abraham
Lembeck, Charles

Lembeck, Samuel
Lenrow, Mrs. Rose
Lesser, Bertrand B.
Lind, Albert M.
Lind, Eli Ch.
Lind, Ira M.
Lind, Morris E.
Lind, Mrs. Rebecca
Lind, Robert A.
Margulies, Abraham
Margulies, Julius
Margulies, Louis
Margulies, Milton
Maurer, Douglas
Maurer, Ely
Maurer, Mrs. Fannie
Maurer, Milton
Maurer, Robert A.
Maurer, Tobias
Morgan, David
Moses, Hyman
Orner, Mrs. Toba
Perla, Mrs. Mollie
Pilpel, Abraham
Plagman, Robert L.
Roth, Charles
Roth, Elias
Samitt, Philip
Schachne, Louis
Schachner, Benjamin
Schubin, William
Schwartz, Herbert
Shaw, Basil
Sheldon, Isidore
Shulman, Stanley
Siegel, Jay
Siegel, Mrs. Zelda
Silver, Mrs. Eva
Silverstein, Bennett
Singer, Mrs. Charles
Singer, Mrs. Pearl
Solomon, Maurice
Spanier, Edward
Spanier, Dr. J. Herman
Spanier, Mrs. Rose (I)
Spanier, Mrs. Rose (S)
Sperber, Mrs. Lillie
Spielberg, Murray
Spitz, Harold
Stamler, Max
Stein, Max
Springer, Leon
Sturm, Mrs. Gussie
Sturm, Miss Hilda
Sturm, Isidore (1)
Sturm, Isidore (2)
Sturm, Isidore (3)
Tag, Osias
Thum, Mrs. Anna
Thum, Arnold
Thum, Joseph (1)
Thum, Joseph (2)
Thum, Julius
Thum, Marvin
Thim, Solomon
Thim, Mrs. Rose
Tisniower, Solomon
Underberg, Morris
Unger, Mrs. Goldie
Wahler, Mrs. Minnie
Weingast, Abraham
Weintraub, Mrs. Kate
Weinstein, Mrs. Sylvia (K)
Weiss, Jesse B.
Weiss, Michael
Weiss, Richard
Wiesen, Martin
Yutt, Mrs. Sophie
Zibitt, Irving
Zibitt, Martin
Zibitt, Mrs. Rachel
Zibitt, Seymour
Zimmerman, Mrs. Gussie

# Friends of Beitcher Society

Abrams, Samuel
Bierman, Jack
Berkowitz, Meyer
Banner, Max
Bergman, Albert
Bergman, Nathan
Bergman, Jack
Carver, George
Cohen, Mrs. Annie
Durst, Joseph
Dickstein, Stanley
Edelman, Mrs. Julia
Ertes, Mrs. Julia
Ertes, Miss Sydelle
Fuhrer, Isidor
Feuer, Mrs. Rose
Geldzahler, Solomon
Goetz, Al
Gross, Meyer
Goldstein, Sydney Mrs.
Herzog, Mrs. Dorothy
Kupferman, Jack
Kemper, Mrs. Edith
Koppel, Nathan
Klein, Dr. Eva
Kalb, Bertha
Kaplowitz. Norman
Krivisky, Rubin
Kurz, Shlomah
Klein, Mrs. Rose
Klein, Paul
Kazen, Mrs. Daisy
Korzenik, Harold
Korzenik, Sidney
Lembeck, Edward
Klein, Morton
Klotz, Florence, Miss
Klotz, Jackie
Lind, Avraham Itzik
Levine, Louis
Lautman, Charles
Nussbaum, Henich
Orner, Herbert
O'Loughlin, William
Perla, Robert
Pilpel, William
Patrinick, Harry
Pechner, Mrs. Ida
Rappaport, Miss Mary
Rosenzweig, Mrs. Peggy
Rosenberg, Mrs. Mollie
Rosenberg, Mr. Paul
Reh, Aaron
Reh, Israel Behr
Schwartz, Samuel
Schubin, Milton
Solomon, Joseph
Schanchner, Samuel
Schuldenfrei, Abraham
Steinfeld, Samuel
Sirota, David
Smolowitz, Benjamin
Spinner, Samuel
Sturm, Milicent Miss
Sturm, Sidney E.
Scheinberg, Morris
Unger, Harry
Wasserstrum, Samuel
Wasserstrum, William
White, Julian
Weiss, Mrs. Sadie
Weiskoph, Mrs. Rose
Weinstein, Harry
Weintraub, Merrill
Weintraub, Bernadine
Weintraub, Shirley
Wachtel, Berel
Yutt, Bessie

# באריכט און בילאנץ

די בייטשער גמילות חסדים קאַסע אין ישראל, איז געגרינדעט געוואָרן דעם 27.12.59 פון דער בייטשער סאסייעטי אין אמעריקע דורך טשערמאַן מיסטער ש ל מ ה  ק ל א ץ.

דער קאַמיטע איז צוזאמען געזעצט:
ה׳ לייב בלום — פרעזעס
ה׳ אברהם זינגער — קאַסירער
גב׳ יאנינא אסט — סעקרעטערין
קאַמיטע מיטגלידער: ה׳ פנחס וואגשאל, ה׳ יוסף בערגער, ה׳ אברהם ניימאן, גב׳ דבורה וויינפעלד.

לייטונג: ליב בלום, אברהם זינגער, יאנינא אסט, פנחס וואגשאל.
קאָנטראָל־קאָמיטע: יוסף בערגער, קאָפל עטינגער.
די גמילות חסדים קאַסע בעשטעט פון 38 מיטגלידער, ביז 31.5.62 האָבן באַקומען הלוואות 26 מיטגלידער.

א ק ט י ב:

| | |
|---|---|
| געגרינדעט דעם 27.12.59 מיט אַ גרונד־קאַפּיטאַל | 3.219.— |
| מיטגליד־בייטראג | 72.— |
| מאניפולאַציע | 137.20 |
| פּראָצענט פון דער באַנק | 78.60 |
| 2טע קאַפּיטאַל פאַרגרעסערונג דורך ה׳ שלמה קלאץ | 3.190.92 |
| שפענדע חנוך נוסבוים, אמריקע | 50.— |
| שפענדע ה׳ וואכטעל און פרוי יוסט | 129.— |
| ס״ה | 6.831.72 |

פ אַ ס י ו ו:

| | |
|---|---|
| מזומן באנק הפועלים תל־אביב | 3.700.57 |
| הלוואות פאר די חברים | 3.095.— |
| פארשידענע הוצאות | 36.15 |
| ס״ה | 6.831.72 |

קופת גמילות חסדים
של ארגון יוצאי בייטש (פולין) בישראל
ע״ש קדושי קהילת בייטש.
אברהם זינגער

